געהייליקט דעם זכר

פון מיין פאָטער אברהם
מוטער חנה
טאָכטער חנה
פרוי רבקה
ברודער יצחק און משפחה
שוועסטער בתיה און משפחה
שוועסטער ראשע און משפחה
שוועסטער מאַשע
שוועסטער איטע
שוועסטער עטעס משפחה
ווי אויך די עלטערן פון מיין פרוי לאה
שמואל און ליבע בלודס

אומגעקומען על קידוש העם
אין ווילנער און ריגער געטאָס.

## מיין ליד

כאָטש ס׳איז אָרעם מיין ליד,
ווי אַ ליכט פאַר אַ גראָשן,
שמעלץ איך אָן עם אָן טיש
פון מיין יידישן לשון,

ניט פאַר יזכור אַ שעה,
ניט ל׳פנים אַ קדיש.
נאָר אָנטקעגן אַ ברויט
און פריש וואַסער אַ לאדיש . . .

מאנטרעאל 1950

# איך

מיין לשון איז וואסער אַ פּשוט,ער קרוג
און שוואַרצברויט מיט קימל.
פון זיך רייס איך ווערטער, ווי שטיינער פון ברוק —
און כ'שלײדער אין שויב זיי פון הימל.

צע'הפקר'ט פּאַר שלאַקסן און ווינט ליגט מיין זיין,
ווי אַ ווייס פעלד מיט גריקע.
איך שטרעק מיינע דלאָניעס די בלייכע צו שיין
און כ'צי פון דער ערד מיין יניקה.

איך ליב ניט דעם וואלד פול פארריסענע קעפּ,
וועלכע קוקן אריבער.
איך גיי, ווי אַ וועג אינעם ליימיקן סטעפּ
פול מיט שטיינער און גריבער.

מיין ליד איז פון איינזאַמען וואָלף דער געוואָי
אויף באַנאַכטיקע פליינען
און כ'זינג און איך זינג מיין געזאַנג אָט אַזוי, —
ווייל עס ווילט זיך מיר וויינען....

מאנטרעאל 1950

# איך דאַרף דיין רחמים גאָט

איך דאַרף דיין רחמים גאָט!
איך האָב פאַרפלאָנטערט, ווי אַ פויגל זיך,
אין נעץ פון שטאָט.
און ס'האָט די פויסט פון אָפּגאָט מיינעם
קעגן אַלץ פאַרהויבן —
צעבראָכן אין מיין טיפעניש
די זריחה־שויב — מיין גלויבן.
איז שטיי איך, ווי אַ טעלעגראַפן־סלופּ —
פאַרפלאָנטערט אין זיין דראָט
און בעט דיין רחמים גאָט!

איך האָב געקריגט אַנטקעגן דיר
אויף טריט און טראָט —
אַ טאָפּ אַן אויפגעזאָדענער
ביז פּלאַצן אויפן פייער.
איצט שטיי איך אַ צעעפנטער, אַ פּוסטער שייער,
און סקריפּע אַ פאַרלאָרענער אין שנייפאַרשאָט...
איך בעט דיין רחמים גאָט!...

איך מאָן דיין רחמים גאָט!
ניט אַ בעל־תשובה
איינגעשראָקן פאַר דיין סוד —
נאָר כ'שריי צו דיר; באַפריי מיך פון מיין פלאָנטער!
אַז ווידער זאָל איך מיט מיין גלויבן אַ באַפאָנטער —
אַ ברעכאייזן זיך וואַרפן אויף דיין כישוף־ראָד
אחד!

מאָנטרעאָל 1950

## יעדער טאָג

יעדער טאָג איז אַ ליד אָנגעשריבן דורך אים
אין זיין ספר, אויף בלעטער צעגרינטע.
און די זון אינדערהויך, איז זיין גאָלדענע פען.
און די נאַכט פול מיט בלוי, איז זיין טינטער.

יעדער אָוונט זיין פען טונקט ער איין אין דער נאַכט
און ער שלייכט אויף די וועלטן אַרויסעט.
און ער שרייבט אויף זיין וואונדערלעך אייביקער שפראַך
מיט די שטערן — די גאָלדענע אותיות.

מאָנטרעאל 1950

# שניפאַל

ליזאַלעז

דו הערסט ווי דער שניי פאַלט דו הערסט ?
אַ ענטפער ניט איצטער דו שטערסט ! . . .
צו מיר זעץ זיך צו, ווי אַ טויב
און לאָמיר זיך טוב׳לען אין שויב.

דו זעסט ווי דער שניי פאַלט דו זעסט ?
פאַרטוליעט, ווי פויגל אין נעסט
מיט ווערטער, ווי טרערן אין האַלדז
פאַרגעסן זיך לאָמיר אין אַלץ ! . . .

די ערד ליגט פאַרקיטלט אין ליין
און האָרכט אין איר וואונדער זיך איין.
אַנטקעגן אַ בוים וויים באַברעמט
קוקט אָנעט די וועלט וואָס בעל־שמט.

די שויב איז אַ ברונעם. און מיר, —
צוויי עמערס אויף אייזערנער שניר
פאַרקנופט ערגעץ וואו צו אַ מיף.

און וויים ווי אַ נס איז דער טיף . . .

מאנטרעאל 1950

# אָ ו ו נ ט

**איידע מאַזען.**

תפילה זכה זאָגן בוימער:
אויסגעטאָן פון וועלט און חומר,
באַ דער אָזיערע צופוסנס,
וויגט אַ ווינטל זיך אין קדושה ששש!

עפּל בליט אין גרינס פאַרטאַיעט
מישן בלעטלעך, זאָגן פּיוט.
ווי אַ דאָרפסייד אין שטיוואַלעס
ברומט דער באַרנבוים אין זיין טלית ששש!

יעדער וואָלקן אין דער הויך איז —
אַ פאַרקאַשערטער פּרוכת.
פאַר דער זון — דער גאָלד מנורה,
פאַלט אַ פעלד מיט זאַנגען כורעים ששש...

אין מיין קעלער, אין מיין טויבן,
אָנגעצונדן מיינע שויבן,
מיינע שוואַרצע, האָט אַ נסתר.
הער איך ניט אַליין ווי כ׳פּליסטער ששש...

**פאַריז מאַנזשעראָן, 1948**

# ש ט י ל ע ר

שטילער
טרילער
סאָלאָווײ!
אַלע װעלטן שלאָפֿן.
בלויז אַ דימענטענער שפּרײ
שטערנט אין אָנ׳סופֿן,

בלויז אַ װאַכער
לאַכער-קװאַל
מורמלט װאָס דעם געגנט.
און אַ גרינער שטערנפֿאַל
רעגנט,
רעגנט,
רעגנט...

ווילנע 1938

## דריי טעג

כ׳האָב אויפֿן דנאָ פֿון האַרץ דערטרונקענע דריי טעג.
דריי רעגנבויגנס אָנגעצונדענע אויף כמאַרעס.
און כ׳היט זיי ווי אין וויסטעניש די שפּורן פֿון אַ וועג
וואָס פֿירן ערגעצוואו, וואו וואונדערבאַר איז.

און אַז מיין לעבן וועט — אין בלויאיקייט פֿון ים אַ שיף —
פֿון פֿאַרט דיינעם אַן אָפּגעאַנקערטע פֿאַרזעגלען. —
וועל איך אַ פֿרומער דערוויש אין מיין אייגן טיף
צו יענע טעג פֿאַרשיפֿטע עולה רגל׳ען...

ווילנע, 1933

# עס איז מיר אומעטיק

עס איז מיר אומעטיק אָן דיר.
כאָטש שטענדיק ליגט אַ ווייניקער
דיין נאָמען אויף מיין גומען.
און יעדער פּרי וואָס עפנט אויף מיין שויב
רוימט מיר אין אויער איין;
זי'ט מאָרגן קומען!

איז וואָס אַז דו ביסט ניט אויף לאַנג אַוועקגעפאָרן?
אין ערשטן גאַסן־גיי
האָב איך מיין רו פאַרלאָרן,
און ס'איז מיר אומעטיק אָן דיר!...

עס קומען טעג, ווי נודנע געסט צו מיר אין הויז
און חוזקן, וואָס כ'שרייב
אַזוינע לידער פאַר אַן אייגן ווייב...

וואָס בין איך שולדיק, וואָס מיין האַרץ — אַ קינד —
מאָנט דיך מיט הייסע ליפּן צו איר וויגל...
מיין בלוט איז בלינד
און זעט ניט מיינע גראָע האָר אין שפּיגל,
און מיר איז אומעטיק אָן דיר!...

ווילנע 1945

## מיין עופעלע

**ליבעלעז.**

וואָס מער איך טוליע דיך מיין עופעלע
אַלץ מער באַטעמטער ווערט דיין טעם.
דו בינסט דאָס וויס-צעבלויטע שלייפעלע
וואָס קנופּט דעם המשך פון מיין שטאַם.

עס ווערט דאָס האַרץ מיינע אַלץ טאַטעשער
פון ווייטע אורקוואַלן באַהעלט.
און איך אַליין ווער בעל־הביתישער
אין אָט דער הפקרדיקער וועלט.

אין ווייטן ליגט אין אש מיין שטעטעלע —
אַ שוואַרצער פלעק אין שקיעה פלאַם.
דיין גופל איז דאָס ערשטע בלעטעלע
וואָס גרינט אויף מיין פאַרברענטן שטאַם.

דיין מאַמעס האַרץ דאָס אויפגעשפּילעטע —
איז מיין אויפסניי געוויסטע קלויז:
מיט ליפּן שטיי איך מיט צע׳תפילה׳טע
און זינג, מיין נייען לעבן אויס.

**בערלין 1946**

# אַטלאַנטיק

חנהלעז

עס אַטעמט צעוויגט און עס פינקלט ברילִיאַנטיק
דער טיף.
עס שאָקלט זיך איינזאַם אין מיטן אַטלאַנטיק
אַ שיף.
אין הויכן ציט גאָלד פון איר האַרצן די זון אויס
און שפינט·
פון זייט שפילט אויף שטראַלן אַזוי ווי אויף סטרונעס
אַ ווינט.

נאָר ס׳זעט עס ניט דורך זיין פאַרכמאַרעטער ברעם
דער פּאָעט.
ס׳צעציטערט זיין ליפּ, כאָטש ער ווייס ניט צו וועם,
אַ געבעט.
צום האַרצן פאַרפרעסט האַלט ער לאַנגע מינוטן
זיין קינד
און שפּירט ווי אַ פּחד רינט אים אין די בלוטן
און רינט.

זיין אומרו אין אים איז אַ פונק אין אַ וואָגן
מיט שטרוי, —
אין מיטן אַטלאַנטיק האָט ווייען געקראָגן
זיין פרוי.
אין מיטן אַטלאַנטיק, אין מיט צווישן שוימען
און תהום.
און ס׳ברעכט אין זיין האַרץ זיך אַ שרעק — ווי אין ליימען
אַ לאָם

באַם לאָדן האָלט ער, — ווי אַ בוים פֿאַר אַהאַק,
זיין געזיכט.
און וואַרט פֿון דער טיר, — ווי אַ מערדער דעם פּסק
פֿון געריכט.
נאָר פּלוצים האָט העל ווי אַ נס זיינע אייגן
פֿאַרבלענדט·
עס האָבן, — אַ בעלמע, — די טיר אָפּגעבויגן
צוויי הענט.

און עמיץ פֿאַרהוילן, — אַ רויזן־קוסט הינטער
אַ פּלויט
אַ שיין געטאָן האָט. ווי אַ זונטאָג אין ווינטער,
„אַ מויד"
ס'האָט שטילער די זון אויף די טיפֿן צעשאָטן
איר כתב
און מיט הערָאָגליפֿן געשריבן דעם סוד פֿון
באַשאַף.

ס'האָט שטום עס דער דיכטער דערזען און געשוויגן
אָן קלאַנג.
און האָט ווי אַ בוים אַ צעבליטער געניגונט
אַ דאַנק!

אַטלאַנטיק 1948

## זון און רעגן

זון און רעגן, זון און רעגן
און אַ בוים אין מיטן.
דורך אַ נעץ פֿון קרומע זעגן
קוקט די זון אין מיטן.

איבער טייכן בלאָע שלייכן
וואָלקנס — נאַסע פּליטן.
און אין כמאַרע
האָט די זון אַ שפּאַרע
דורכגעשניטן.

זון און רעגן, זון און רעגן.
ס׳צינדט די זון די שויבן,
נאָר אַ בלינדער גלאָצט דער פֿענצטער
אויף אַ דאַך אַ טויבן:

אויפֿן בעטל אויסגעצויגן
מיטן קאָפּ אין קישן,
ליגט אַ מענטש,
ווי פֿון אַ בוך
אַ בלעטל
אויסגעריסן...

מאָנטרעאַל 1950

## עליה בית

א פראַסט אַ בייניקער סקעלעט.
נעמט קנאַכיק שאַרף דעם וואַלד אַרום;
ס'איז פינצטער, אימה'דיק און שטום.

עס הינגלען זיך אין שניי־פאַרשאַט,
די טויטע כוואַליעס שטעכל־דראַט.
עס שמעקן בייזע גראָע הינט,
די נאַכט, די שנייען און דעם ווינט.

עס שטייען זעלנער ווי אַ פלויט
און האַלטן אין די הענט דעם טויט..
די גרעניץ צווישן לענדער צוויי.

עס קריכן שאָטנס אויפן שניי
אַ לאַנגע ריי און נאָך אַ ריי.

פון הינטן מאַניעט זיי אַ שליאַך.
א פייערל, א רויך פון דאַך,
אַ בעט אין אַ געהייצטן הויז
און זיי, זיי קריכן אַלץ פאָרויס.

מען קריכט מיט אָפּגעשיילטע פּיס,
מיט ביילן, ווי צעפּלאַצטע ניס.
מיט בלויע הענט, וואָס שרייבן בראַוו,
אויף שניי מיט בלוט אַ הייסן כתב.

מען קריכט פאָרויס, מען קריכט, מען קריכט!
צווייי גרעניצן געהינטערזיכט,
נאָר ס׳איז דער וועג נאָך לאַנג און גרוי
און ס׳דעקט די וועגן צו אַ שניי.

ווער זיינען זיי, וואו קריכן זיי?!

עס טרעט דאָ ניט קיין מענטשלעך שוך.
עס גייט דאָ ניט קיין וואָלף אַדורך!
עס שמעקן הינט און פאָלגן טריי,
ווי ס׳פאָלגט דעם ציל די קויל פון בליי.
דער טויט באַוואַכט דאָ און באַהיט!

עס ענטפערן נאָר שטילע טריט
באַפּאַנצערטע פון גלויבן בלויז;
דורך זיבן גרעניצן פאָרויס!
דורך צוואַנציק לענדער און דורך שטעט.
עליה „בית״!..

בערלין 1946

# עס האָט מיך אויפגעוועקט

יחיאל שטערנעז

און ס'האָט מיך אויפגעוועקט אַ וואָרט
געשליידערט, ווי אַ שטיין פון דאָרט,
צו מיר אין שויב —
גלויב ! . . .

כ'האָב אויפגעריסן ברייט מיין אויג
און האָב דערזען ;
אין בלויען בויג
פון ווייטסטער ווייטעניש, פון הימל ביזן תהום,
אַ ריז — ווי שניי אַ באַרג אין זון — מיין אורטאַטן אברהם.

די רעכטע האַנט אַ וועגווייזער אין ווייט אַוועקגעשטרעקט,
פון לינקער — די רצועה ציט צום אָן־סוף אויס אַ וועג.
אַ לאַנגער וועג, מיט לוחות, און מיט פאַרמעטן פאַרזייט
און אויפן וועג מיין טאַטן, מיינע זיידעס אין אַ קייט.

איך האָב דערזען דעם הימל אַ פאַרלאָשענעם, אין הויך.
דעם הימל וועלכער שפאַרט זיך אָן אויף שוואַרצע זיילן רויך,
וואָס וואָרצלען זיך אין שייטערס איין, אין שייטערס אָן אַ ברעג,
צעשטעלטע, ווי אַ וויאָרסטן־ריי באַם זייט פון לאַנגן וועג.

און איבער זיי פֿאַרהויבענע, פֿון גוואַלט און בלוט געזאַלבט,
פֿון קאַלטן גאָלד געהאַמערטע, אַ צלם און אַ קאַלב.
איך האָב דערזען באַם זײַט פֿון וועג צעלייגט אין זעט פֿון פֿעלד,
ווי וועלף וואָס לויערן אויף רויב, די גוים פֿון דער וועלט.

אין שעפּסן־פֿעלן אָנגעטאָן, אין לעמער־בלוט די הענט,
מיט קין־צייכנס אויף די קעפּ — אַ וואָלפֿיש אויג צעברענט.
כ׳האָב אָפּגעווענדט פֿון זיי מײַן בליק און האָב דערזען אין ענד
פֿון ווײַטן וועג, וואו ס׳גייט מײַן שטאַם, — די זריחה אין איר בלענד.

און אויפֿן וועג די זיידעס מײַנע — יאָרצײַט־ליכט אין קלויז,
אויף שייטערס אָנגעצונדענע, אַליץ גייענדיק פֿאַראויס.
ווי פֿאַקלען לויכטנדיק אין נעכט פֿון קאַלטן שטערן־לאַש
און אויף די קעפּ לויכט אויך באַ זיי אַ צייכן — דער של ראש.

ס׳איז רויט דער וועג פֿון זייער בלוט, אַ רויטער איז דער שטויב.
נאָר זייער טראָט שרײַבט אָן אין זאַמד, מיט כתב מיט ווײַסן; גלויב!
אין ווײַטן שײַנט אַ ווײַסע ליכט באַהאַלטן און אַנטפּלעקט,
כ׳האָב אויפֿגעריסן ברייט מײַן אויג און האָב דערקענט מײַן וועג!

מאָנטרעאַל 1950

# מלחמה

מלחמה.
אַ נאַכט האָט אויף מויערן לאָמע
פאַרוואָרפן אַ פינצטערע טוך פון אַ מיתה.
אַ שטאָט האָט די אויגן פאַרמאַכט
און זי וואַרט אויף איר שחיטה.
אַ שטאָט ליגט אין שרעק
אונטער בלינדע און שוואַרצע אָן־סופ'ן,
און ס'בלינצלען די רעלסן פון באַנען
באַ איר אויפן האַלדז, ווי חלפים.
און פּלוצים, ווי היענעס
אין אונטערגעצונדענע סטעפּעס,
צעוואָיעט זיך האָבן סירענעס און גלאָקן.
אַ ציטער געטאָן האָט די שטאָט מיט צענטויזנטער שטאָקן:
מאָטאָרן, מאָטאָרן!

עס טאַפּן מיט פינגער, מיט בלייכע דעם הויך
פּראָזשעקטאָרן.
עס בילן זעניטקעס און רייסן אין חשכ'עניש לעכער.
עס שטעפּן די וואָלקנס מיט בליי פּוליעמיאָטן אויף דעכער.
מאָטאָרן, מאָטאָרן!

די שטאָט האָט דעם אָטעם פאַרלאָרן
פון אימה.
אַ ציטער איז דורך איבער שטיבער
און וואַרימע היימען.
דער טויט קומט אויף זילבערנע, אייזיקע פליגלען
און וועט באַלד די גאַסן מיט בלוט, ווי מיט טריוואַקס
פאַרזיגלען.

ווי פּעך האָט
דעם חושך צעשניטן אַ בלענדיקע קלינג!
דער שטאָט איז אַ גרויליקער דונער באַפֿאַלן
און האָט זיך צעעכאָט
אין אַלע קוואַרטאַלן.
אַ שאָט געטאָן האָבן די הייזער דעם טינק,
שויבן,
דראָט,
קאַבלען.
ווי הינט וואָרטשען בייז אין די הויכן מחבלים
און מבול'ען
מיט פֿייער און אומקום.
עס פֿאַלן די שטיבער אין מורא
און שיטן מיט פֿונקען;
סדום ועמורה!

עס פֿלאַקערט, עס ברענט!
עס שטרעקן די גאַסן צום הימל, ווי בלוטיקע הענט,
רויטע פֿלאַמען.

אַ וואַנט קומט זיך אויף מיט אַ וואַנט
און, מען פֿאַלט אום צוזאַמען...

און אַז ס'איז דער מאָרגן אַ בלייכער
אַראָפּ, איז באַפאַלן אַ גרויל אים —
אין חורבות, און רויך איז
געלעגן אַ שטאָט, אַ בית־עולם.
עס זיינען די בוימער געלעגן — ווי פּגרים
און זיי קענגנאיבער, —
ווי פרישע פאַרשאָטנטע קברים, —
די שטיבער.
און רייוווייז
אָן פענצטער,
אָן דעכער,

מיט לעכער
ווי אותיות אויף אַלטע מצבות.
געשטומט האָבן מויערן לאָמע
פאַרוואָרפן מיט גרוז און מיט שפּענער.
און ווייט איבער פינצטערע פענער
פון רויך
האָט אַ האַלבער זאַוואָד אויסגעשטרעקט
אַ צעבראָכענעם פינגער צום הויך,
און געטייטלט צום מזרח
וואו זון האָט מיט בלוטיקע אותיות
געשריבן אויף תהומען;
מלחמה! ...

1943

# אַ שקיעה

אַ שקיעה אין אַ דאָרף.
ס׳קוילט, ווי אַ שוואַרצע גליבע טאָרף —
אַ האַלב פאַרברענטע כאַטע.
און אויפן בוים, — אין גאָלד פון זון פאַרגאַנגענער, —
הוילט, ווי אַן אָפּגעשיילטער צווייג, אַן אויפגעהאָנגענער,
דער טאַטע ...

עס שפּיגלט זון אין לעצטן שטיקל שויב
אַ בלוטנדיקע גאַמע.
און אויפן שוועל, אין שטויב
ליגט נאַקעט, טויט,
מיט אויסגעדרייטע פיס און הענט
געשענדט !
די מאַמע ...

אַ ווייסער וואָלקנדל אין רוים הער
וואָגלט
אַ געטריבענער פון ווינט.
און אויפן פענצטערברעט
הענגט צוגענאָגלט
מיט אַ באַיאָנעט,
דאָס מוח׳ל צעפּלעט,
אַן עופּ׳עלע דאָס קינד ...

עס שטאַרבט דער טאָג
פאַרבלוטיקט מאַרק און פּלאַץ,
די לאָנקעס און די פעלדער ווייצן.
און אויפן וועג, וואָס גאָלדיקט זיך אוועק,
אַ שוואַרצער פלעק, —
אַ דייטשישן סאָלדאַטס
אַ פּלייצע! ...

1943

# א ווינט

איך בין אַ ווינט אַ ווייאיקער.
ווען ס'צינדט דער באַרגשפּיץ זיך, דער שנייאיקער
מיט בלוט אויף שניי,
דאַן הויבט זיך אָן מיין ווי געוויי...

אַ בלימל שטילט אין זיך אַריין,
אין אייגן פּליוש —
אַ קוש!
אַ זאַנג־געזאַנגל וויגט זיך אין געבעט —
אַ גלעט!
אַ בויג אַ פעלד מיט ווייץ.
דאָס וואַסערל אַ קנייטש
צעווירבלט אים זיין רו
און כ'איל שוין ווידער וואו,
אַ וואו, אַ וואו?

איך בין אַ ווינט!
איך האָב אַ ווייב געהאַט, אַ קינד,
און קלאַפּ פון ווייטיק בלינד
אין יעדן לאָדן...
איך ווירבל אויף אין ווילדע קאַראַהאָדן
יעדן וועג.
איך וויל פון זיך אַוועק
און האָב קיין רו ניט טעג.

און איך חלום אין אַ גרינענדיקן טאָל
זיך אויפהענגען אַ מאָל
אויף בליענדיקע צווייגן.
און הענגען שווייגן
אינעם בלאַט־געפליסטער.

נאָר ס'צינדט אַ נסתר
ווידער אָן די רוימען,
און בלוט איז ווידער אויפן שניי,
אויף מיינע טרוימען,
אויף מיין ווייב און קינד.
און כ'וויין אין יעדן קוימען —
כ'בין אַ ווינט!

1943

# איך האָב געוואָלט

איך האָב געוואָלט
א שטילן לעבן ווי א בן־השמשות,
אַן גלאַנץ, אָן גאָלד.
נאָר מיינע טעג, ווי פויערים מיט קאָסעס,
זאָלן פון דער אַרבעט גיין מיט לידער.
און איך זאָל זיין — דיין רו
און דו —
מיין סידור..

נאָר ס'האָט דער פלאַם פון שקיעה
אונדזער היים פאַרברענט.
אַן אייזערנער בוראַן
איז איבער אונדזער יונגן לעבן דורכגעגאַנגען.
און אויף אַ בוים,
מיין הויפיקן קאַשטאַן, —
האָט מען מיין טרוים
צוזאַם מיט מיין משפחה אויפגעהאַנגען...

און מיך, אַ שטויבל, האָט דער ווינט
פאַרטראָגן איבער ווייטע ים'ען.
וואו זאָל איך גיין
אַז ווייטן זיינען בלינד,
אַז וועגן האָבן טויזנט צאמען!

מען זאָגט; ס'איז אויפגעשטאַנען שוין די זון.
די פעלדער רייפן שוין מיט נייע שפע,
אַז אָפּגעהאַגלט האָבן האָגלען
פון טשוגון.
נאָר פון מיין וואָגלען,
איז מיר צו מיין לעבן שווער צו טרעפן.

ס'האָט וואָס צעשפּאָלטן זיך אויף צוויי אין מיר
און ס'קלעקט מיר קיין מעטאַל ניט צו פאַרלייטן...
עס טאָפּטשעט אום אַ קאַנטיקער מיין ווי אין מיר
און ס'וואָיעט, ווי אַ ווינט מיין רו
אַן אָפּגעריסענע פון קייטן!...

ווילנע 1945

## דער גאון און דער פּאַרטיזאַן (באַלאַדע)

נאַכט.
ס'האָט ווילנע פּאַרטייעט דעם אָטעם.
עס שטומען
די געסלעך די קרומע
באַוואַכט
פון באַגנעטן און דראָטן.
עס בלוטיקט די לבנה אין מולד
אין שעהן, אין שפּעטע,
און ס'ליגט אינעם חושך דערטרונקען געקוילעט,
די יידישע געטאָ ..

געשענדט שטייט דער שולהויף
מיט פענצטער צעזעצט און צערויבט.
אַ ווינטל בלויז שאָקלט אַ בוים, ווי אַ לולב
און וויינט אין אַ בלעכענער טרויב.
עס קומט קיין מתפּלל ניט דאָרטן,
נאָר חצות אינעם גלימער, אין בלויען,
קומט פון זיין רו, פונעם אַלטן בית עולם, דער גאון
דער ווילנער אין טלית פאַרהילט. —
ער שטעלט אויף זיין אָרט זיך אין מזרח,
קערט אום זיך צו מערב און שילט ! . . .

פאַרטרערט און צעשויבערט זיין באָרד איז,
פאַרצאָרנט זיין בלייכעס געזיכט.
ער שילט די גזלנישע האָרדעס,
וואָס האָבן זיין עדה פאַרניכט !

ער שילט די גזלנישע האָרדעס,
וואָס האָבן זיין מקדש פאַרברענט
פאַרטרערט און צעשויבערט זיין באָרד איז
צום פינצטערן הימל געווענדט...

אַנטשטומט ווערט דאָס ווינטל.
קיין בוים טוט קיין שאָרך ניט, קיין צווייג.
דער הימל בלויז פינטלט
מיט טויזנטער אויגן און שווייגט.

עס קאָרטשען זיך געסלעך פאַרשימלט
אין רויך און אין בראַנד
און ס'טייטלט דער שלאָסבאַרג דעם הימל
אַ האקנקרייץ פאָנע, זיין שאַנד!...

עס וויינט די ווילענקע פון קרייצבאַרג באַ'צלמ'ט
און ענדיקט איר וועג, —
אַנטקעגן דעם אַלטן בית עולם,
וואָס נאַכט האָט זיין חורבן פאַרדעקט.

דער אַלטער בית עולם איז חרוב
צעשטערט
עס קומט ניט צו מתים קיין קרוב
און פאַלט ניט צו דרערד,

מען לייגט ניט אין אוהל קיין קוויטלעך
מיט טרערן געבעט,
בלויז ס'וויגן זיך טרוקענע ריטלעך
פון ווינטן געגלעט.

נאָר גלייך ווי עס נעמט זיך נאָר גראָען,
עס פריט. —
קומט צו דעם קבר פון גאון
אַ ייד...

ער האָט אויף די ליפּן אַ קללה
און צער אין געזיכט.
און אונטערן פּאָלע, —
אַ מעסער אין בלוט איינגעריכט...

אַ גאַנצן טאָג האַלט דער בית עולם באַהאַלטן
זיין סוד.
און חצות גייט ער גלייך נאָכן גאון דעם אַלטן
אין שטאָט ..

און איינמאָל ווען טוי האָט אין פריען באַרעגנט
דעם צווייט,
באַם אוהל זיך האָבן באַגעגנט
דער גאון דער גרייז און דער ייד.

ווער ביסטו רב ייד? פרעגט דער גאון;
ווי קומסטו אַהער?
ווער האָט דיך פון אומקום-שגעון
געראַטעוועט, ווער?!

וואָס האַלט דיר נאָך היינט אויף באַם לעבן
זאָג יידישער מאַן.
און ס'ענטפערט דער ייד אָפּ; אַ רבי!
כ'בין אַ פּאַרטיזאַן ...

געטויט האָט דער שונא מיין זיידן;
געקוילעט מיין קינד.
געלאָזט ניט באַגראָבן מיין עדה
אויף הפקר פאַר הינט

צעשטערט איז מיין היים די גערא̈מע
מיין ווייב אומגעבראַכט . . .
טאָ וואָס בלייבט מיר מער ווי נקמה
צו נעמען באַנאַכט?

איך גיי און איך קוילע אָן מורא,
איך שטעך און איך שעכט.
איך וויים ניט צי כ׳טו אָן עבירה,
נאָר איך בין גערעכט.

מיין בלוט הייסט מיר טויטן די שונאים
באַצאָלן פאַר שלעכטס . . .
אין צער איז דער גאונישער פנים
און טיף איז זיין קרעכץ.

אין אויג רוט אַזויפיל רחמנות
פאַר חיה און מענטש.
נאָר ס׳הויבן זיך אויף זיינע דלאָניעס
דעם גאונם ער בענטשט;

עס וויגט אויף דער ערד זיך זיין שאָטן
אויף לינקס און אויף רעכטס;
געבענטשט זאָלן זיין די וואָס ראָטן
פון וועלט אוים דאָס שלעכטס

געבענטשט זאָלן זיין די וואָס צאָלן
דעם חוב אָפּ פאַר בלוט . .
עס פלאַקערן בערג אויף און טאָלן
אין אויפגאַנג אין גלוט.

עס צינדן זיך בוימער און פלאַנצן
דער הימל אַליין
און ס׳ענטפערט די וועלט אָפּ די גאַנצע;
אמן ואמן!!!

## שוועסטער מיינע

עטעו

מיר זיינען צוויי געבליבן צוויי
צוויי האַלבע לעבנס אין געוויטער.
און וועלן בלייבן צוויי — פון אונדזער ווי
די היטער.

ס'איז צייט אַוועק, ס'וועט צייט אַוועקגיין,
נאָר זיסער וועט ניט זיין מיין ביטער ברויט
איך בין אַוועק ווי אומגעזעגנט
און ניט געבליבן מיטן פנים קעגן טויט..

שוועסטער מיינע פונעם טויט אַנטלאָפענע!
קומען וועל איך וואו דו וועסט ניט זיין,
לייענען אין דיינע אויגן אָפענע
מיין פּיין...
און ס'וועט ניט גרינגער זיין!..

כ'טראָג דעם שולד מיינעם — אַ גראַם,
צום צער מיינעם, וואָס שאָטנס וואו איך גיי.
און וועגן זיינען אַזוי לאַנג אויף ערד דער,
צו ווייט פאַרגאַנגען בין איך פון מיין קינדס געשריי
און ניט דערשטיקט האָב איך די מערדער ..

און כאָטש איך ווייס, ניט אַלץ ווענדט זיך אָן מיר,
און קיינער קאָן דעם מאָרגן היינט ניט וויסן.
קריכט אַרום אין טיף מיינעם אויף אַלע פיר
מיין האַריקער געוויסן
פאַרפּלאָנטערט אין מיין פּיין!..

שוועסטער מיינע! וואו דו וועסט ניט זיין
וועל איך קומען האַרטעווען מיין שנאה.
די קינדער מיינע זאָלן אינעם פּריסטן זיין
ווי קנאָספּן גרינע
איינזאַפּן מיין פּיין
מיין פיינטשאַפט אַרבן
מיין בלוט מיין שרייאיקס זאָל ניט ווערן בלאַס,
ווען איך וועל שטאַרבן!..

סאַמאַרקאַנד, 1945

# ס נ י פּ ע ש אָ ק

זיי געזעגנט סניפּעשאָק
הילצערנע ראָגאַטקע!
וואו צו די שעשקינער בערג
טוליעט זיך מיין כאַטקע
איינגעבראָכן און פאַרברענט,
ווי געראַמט אין טרויער,
מיט מיין טאַטנס נאָמען נאָך
צוגעקלאַפּט צום טויער...

ס׳שטייט דעם שכנס הייזל גאַנץ
אונזער הויז אַנטקעגן.
ציטעריק בין איך פון ווייט
אָנגעקומען פרעגן...
אָנגעקלאַפּט האָב איך אין טיר
און געוואַרט מיט האָפן, —
נאָר ס׳איז קיינער ניט אַרויס,
קיינעם ניט געטראָפן...

דאַכבעווקעס ווי שטיקער בלוט
ברענען אויפן דעכל,
און מיין טאַטנס נאָמען שרייט
פון פאַרזשאַווערט בלעכל ..

ס׳שטייט דעם שכנס הייזל גאַנץ
אונדזער הויז אַנטקעגן.
וואַקלענדיק זיך בין איך צו
אָנקלאַפּן און פרעגן...
שווער בין איך די שוועל אַדורך
און דערזען אין קיכל, —
איינגעריסט פון שכנס טעפּ
מיין מאַמעס שטערנטיכל!

ס׳וואַסער אין דערלאַנגטן גלאָז
האָט גענומען בלוטן.
שטום בין איך אַרויס פון דאָרט
ניט געזאָגט קיין גוטן.

בוימער קאַרשן באַ דעם פּלויט
האָבן מיך באַגעגנט
מיט מיין יינגסטער שוועסטערס בלוט
טראָפּנווייס באַרעגנט.

און אַנטקעגן אויפן וואַנט
צווישן מאָך און שוואָמען.
ווי דניאלס שריפט געברענט
האָט מיין טאַטנס נאָמען ...

ס'האָבן שרפות אויפגעהערט,
אויפגעהערט געשלעגן.
ס'שטייט דעם שכנס הייזל גאַנץ
אונדזער הויז אַנטקעגן.
ס'איז זיין גאָרטן איינגעזייט
אונדזער הויף דערנעבן, —
איך אָבער וואָס זאָל איך טאָן
מיט מיין יונגן לעבן! ?

אַז פאַרנעפּלט קוקט די זון
מיט מיין שוואַרצן טרויער
און מיין טאַטנס נאָמען שרייט
פון צעהאַקטן טויער ...

ווילנע 1945

## האַלבע נאַכט

האַלבע נאַכט.
ס'קאַמט לבנה אַ בוים אויפן ראָג
מיט אַ זילבערנער קעמל.
ס'שלאָפט מיין כאַטקע אין פלויט,
ווי אַ פלעק אין אַ רעמל.
איך וויש אוים מיינע אויגן פון דרעמל,
צי אַרויפעט דעם טאָג אויף מיין הויט, —
אַ געלאַטעטע העמד,
און איך לויף אין דער ריי נאָך מיין ברויט.

ס'לייגט די נאַכט פלעקן טינט
אויף אַ זילבערנעם גרונט.
ס'קוקט מיט טויזנטער אויגן דער אויבן.
כ'שטיי אין ריי צוגעפּרעסט צו אַ וואַנט, —
אַ געשלאָגענער הונט,
און איך שפּיגל מיין עלנט אין פינצטערע שויבן.
ס'טאָגט, עס בלויט.
כ'שפּאַן אַלץ נענטער צום ברויט מיט מיין צעטל
שטרעק צום פענצטערל אויסעט מיין האַנט
און איך וויים ניט צי כ'בעט צי איך בעטל ...

כ'גיי צוריק מיט מיין פונט
שוואַרצן ברויט.
ווי אַ וואונד
פלאַקערט רויט
דער באַגינען.
כ'שפּאַן ווי שכור,
ווי פויל.
און די פינגער,
ווי געריקע שפּינען
רייסן שטיקער
און לייגן אין מויל.

— — — — — — — — — — — — — — —

זוימט דער פרי ווייסע וואָלקנס
מיט גאָלדענע שטעך.
בלאָנדער טאָג שפּילט אויף מיר און אַרום מיר.
כ'טראָג מיין טאָג אויפן האַלדז צו מיין צעך,
ווי מיין בלעכענעם נומער.
איך בין דאָ דאָ
אויף צוועלף שעה
מיט מיין פּיין
צוגעקלעפּט צו וואַרשטאַטן.
עס צעפּערטלען די פענצטערלעך שיין
דורך די קראַטן.
עס פינטלען די מעסערס, ווי פלאַמען
פון ליכט אַנגעצונדן אין יאָרצייט
און ס'זיצן די מענטשן, ווי חרובע שטאַמען,
פון היימישער ערד אויסגעקאָרטשעט.

כ'זיץ אַליין,
ווי אַ שטיין
אויסגעקערט
פון דער ערד,
באַ אַ פינצטערן תהום.
איך בין ווייט, איך פלי ווייט
צו מיין ווייב און מיין קינד,
צו מיין שטיבל.
איך צענעם פון מיין נעכטן דעם קאַם
און צעדריבל
און עס וואַקסט אויף דער וועלט, ווי אַ גיפטיקער שוואַם,
מיין פאַראיבל ...

שפּאַרט די זון איר פאַרבלוטיקטן קאָפּ אויפן וואַלד אָן,
ס׳ברענט די ווייט.
אינעם הויף אויף אַ דראַנג
מאַכט געוואַלדן
אַ גאַנג
און באַפרייט...

כ׳שלעפּ מיין וואַטענעם לעבן אַ היים
צו אַ כאַטקע פון ליים.
כ׳קום אין שטיבל אַריין
זאָג; גוט מאָרגן! מיין עלנט ——
די פיר שוואַרצע ווענט
ניט ס׳באַגעגנט דאָס ווייב
מיטן קינד אויפן האַנט.
און כ׳פאַרוואַרף אויף די הענט
מיין צעבראָכענעם קאָפּ, ווי אַ ציגל.
ס׳קלאַפּט די האַפענונג אָן אין מיין שויב,
ווי אַ טויב מיט צעבראָכענע פליגל.
ס׳יאָגט מיין צווייפל איר אָן,
ווי אַ שפּאַרבער זיין רויב.
עס צעשרייט זיך מיין וויי,
ווי אַ פינצטערע קראָ
אויף אַ חרובן הויף ...

כ׳זיץ אַ שעה
און זיץ צוויי,
ביז דער שלאָף עפּעס שווערס און מאַסיווס
טוט אַ וואַלגער מיך אויף דער ראָגאָזשע אַ רו טאָן
און איך בעט בּאַ דער נאַכט, ווי אַ קינד אַ נאַאיווס,
כאָטש אַ חלום אַ גוטן!...

סאַמאַרקאַנד 1942

# אַ שטעטל אין ליטע

אַ שטעטל אין ליטע.
די געסעלעך חרוב, פֿאַרברענט.
עס שאָקלען זיך בוימלעך צעבליטע
באַ פֿינצטער־פֿאַרסמאַליעטע ווענט.
די שוועלן אין בלוט איינגעריכטע,
די הייזלעך אויף קיינעמס באַראָט,
דערציילט האָבן מיר די געשיכטע
פֿון שוחט, געקוילעט וואָס האָט
פֿאַר זיך, פֿאַר זיין פֿאָלק און זיין גאָט.

געווען איז דער שוחט אַ גרייז שוין
געבוירן אין שטעטל אָט דער.
זיין קאָפּ, דעם באַזילבערטן ווייסן.
געשלעפּט שוין די פּיס האָבן שווער.
אַמאָל האָט ער אָקסן געקוילעט,
אַמאָל האָט זיין כוח געשמט!
היינט איז בלויז דער בלוטיקער מולד
אַ זכר אַ ווייטער פֿון דעם, —
אַ קנייטש איינגעקריצט באַ זיין ברעם.

דערנאָך זיינען זין אויפֿגעוואַקסן
און טעכטער, ווי לויטערער גאָלד.
לאַנג האָט זיך רב יאָשע געעקשנט
און קינדערשן קעסט ניט געוואָלט.
נאָר ס'איז אים די ווייב אָפּגעשטאָרבן,
עס האָבן זיך יאָרן געשפּאָרט,
אַלץ זילבערנער האָט זיך געפֿאָרבן
זיין קופּערנער קאָפּ און די באָרד
און קינדער זיינען קינדער דאָך פֿאָרט...

אזוי האָט דער ייד זיך געזעגנט
מיט אייניקלעך שטיל זיך געפרייט.
פון וועלט אויסגעטאָן אַ באַזעלטער
האָט ער זיך שוין שטאַרבן געגרייט,
זיך אויפגענייט האָט ער תּכריכים,
געקויפט זיך אַ דריי איילן ערד, —
נאָר פּלוצים אַ שרעקלעכער וויכער
זיין לעבן האָט איבערגעקערט,
זיין רואיקן עלטער צעשטערט.

מיט חורבן, מיט גרויל און מיט אומקום,
מיט בלוט אויפן בלאַנק פון זיין שווערד,
איז געקומען דער דייטש. בלוט און פונקען
באַשפּריצט האָבן ס'ליטווישע ערד
געברענט האָבן דערפער און שטעטלעך ...
מיט אויגן פול טרערן און פּיין
געקוקט האָט דער שוחט, ווי שפּעטלעך
דער דייטש איז אין שטעטל אַריין,
ווי שאַטנס אין שקיעה'איקן שיין.

און שפּעטער אין ווײ איינגעהאָרבעט
געוויינט האָט ער, — וואָס איז געשען?
פאַרוואָס איז ער יונג ניט געשטאָרבן
און לעבן געבליבן צו זען
דערהרגעט די זין און די טעכטער
די שול, זיין בית מדרש, פאַרברענט
די אייניקלעך גאָט דו גערעכטער!
דערוואָרגן פון רוצחישע הענט,
די ספרים און תּורות פאַרברענט

די עדה די גאַנצע צעשאָסן.
פאַרלענדט און פאַרטיליקט זיין שטאַם.
געבליבן אַליין איז רב יאָשע
אָן צווייגן אַ טרוקענער שטאַם.
אַליין אין אַ שטעטל, אַ וויסטער,
פאַרוואַלגערט מיט גרוז און מיט גלאָז.
און שטום האָט די ליפּן אַ פליסטער
באַוועגט ווי אַ ווינטל אין גראָז;
רבונו של עולם פאַרוואָס! ?...

געלאַכט האָבן דייטשן „פאָן יודע";
אַהאַספּער דער אייביקער ייד!
זיי פלעגן אים שלעפּן אויף סעודות
און צווינגען אים זינגען דאָס ליד;
„על נהרות בבל ישבנו"
און לאַכן און לאַכן אָן סוף,
ווען ער פלעגט פאַרגיין זיך אין דאַוונען
און מאָנען באַם הימל אַ שטראָף
פאַר זיך, פאַר דער שול, פאַרן רב!...

עס האָט זיין פאַרטרויערטער ניגון
געשפּאָלטן די הויך יעדע נאַכט,
נאָר ס'האָבן די הימלען געשוויגן.
די דייטשן זיי האָבן געלאַכט.
און וואו נאָר אַ שמחה, וואו לידער,
אַוואו נאָר מען זויפט און מען טרינקט,
דאָרט שלעפּט מען דעם איינציקן יידן
מען קרייזט אים אַרום אין אַ רינג,
מען חוזקט פון אים, ווי ער זינגט.

און איינמאָל אַ ווינטערנאַכט קאַלטע
פאַרטראַכט האָבן דייטשן אַ באַל.
זיי האָבן דעם קלויסטער דעם אַלטן
באַהאַנגען מיט ליכט, ווי אַ זאַל.
זיי האָבן אין הויף בײַ די גלאָקן
צעצונדן אַ האַקנקרייץ שפּין
און האָבן דעם שוחט דעם זקן
באַפוילן צו קומען אַהין
פאַרוויילן זיי ביזן באַגין.

און דאַן האָט אין שוחטס געדאַנקען
צעהעלט וואָס, ווי פּליסיקער אַרץ.
דעם חלף דעם שאַרפן און בלאַנקן
באַהאַלטן האָט ער אויפן האַרץ.
ער האָט שוין פון לאַנג ניט געקוילעט,
עס האָבן די הענט ניט געדינט,
נאָר ס'האָט אים דער בלוטיקער מולד
דערמאָנט אַ געשאָכטענעם קינד
זיין שטעטל, זיין היים, זיין געזינד.!

דערמאָנט אים אָן אַלע קרבנות.
דערהאָרכט האָט ער זייער געוויין.
און ס'האָבן די ציטריקע דלאָניעס
דעם חלף גענומען אַליין.
גענומען און גלייך אים באַהאַלטן
באָם האַרץ וואָס האָט ווייאיק געמאָנט.
און איז אין דעם דרויסן דעם קאַלטן
אַרום אין דעם גלאָקן גלין גלאָן
אַ גרייטער, אַ גרייטער צו טאָן...

פון ווענט האָבן בילדער און קרייצן
פאַרשוועכטע געקוקט מיט פאַרדראָס,
ווי ס'האָבן געהוליעט די דייטשן
געזויפט און געפרעסן אָן מאָס.
געטריבן פון שוחט קאַטאָוועס
געצוואונגען אים קושן די ווענט.
און גאָרניט געאָנט פון מחשבות
וואָס האָבן אין שוחט געברענט...
ווי ס'האָבן געצוקט זיינע הענט...

דעם חלף פאַרטוליעט צום האַרצן
געזען האָט ער אַלץ און געהערט...
ביז וואַן ס'האָט רב יאָשע דערוואַרט זיך —
צעפאַלן, ווי קלעצער אויף דרערד,
צעשכורט אָן בושה און שאַנדע
פון זויפן און פרעסן אַ סך, —
איז די אָפּיצירישע באַנדע
צוזאַם מיט דער זעלנערשער וואַך
אין קלויסטער דעם אַלטן באַנאַכט.

נאָך איז ניט פאַרשוויגן דער אָרגל,
נאָר ס'האָט שוין דער חלף געברענט.
געכאָרכלט אין בלוט האָבן גאָרגלען,
אין גסיסה געצוקט האָבן הענט.
אין שחיטה איז יאָשע אַ רגיל
ס'האָט קראַפּט אים געגעבן זיין פיין:
דעם חלף האָט ער אויפן נאָגל
געפּרואווט, ס'זאָל קיין פּגימה ניט זיין,
אין שאַרף זאָל קיין פּגימה ניט זיין!

ביז וואָן דער קאַיאָר דער צעבלויטער
האָט אויסגעזאָגט וואָס ס׳איז געשען... —
אַ רויטן פון בלוט צווישן טויטע
האָט מען רב יאָשן דערזען,
מיט אויגן, ווי טוי אין זון, לויטער,
מיט דלאָניעס צום הימל געשטרעקט,
איין פּסוק „אל נוקם ונוטר"
האָט שטיל זיינע ליפּן באַוועגט
און מער ניט געמאָנט און געפרעגט.

עס זיינען די דייטשן פון בושה
און צאָרן געוואָרן אַזש ווייס.
נאָר ס׳האָט ווי געליימט זיי די קדושה,
די הייליקע ריינקייט פון גרייז.
און ער קעגן זיי איז געשטאַנען, —
אַ הירש קעגן וועלפישע ציין
און שרייענדיק רחום וחנון.
האָט ער זיך געקוילעט אַליין
האָט ער זיך געקוילעט אַליין...

געשיינט שוין די זון האָט די פריע
און וואָלקנס אויף קריעה געפּליקט
און נאָכאַמאָל טויט אויפן תליה
האָט שטיל זיך דער שוחט געוויגט,
מיט שיין אין פאַרגליווערטן בליק.

און איצט איבער ליטווישע זאַמדן
אויף שטעגן פאַרוואָקסענע שפּרייזט, —
דעם יידישן שוחטס דעם למדנס
אַלט יידיש בתרישער גייסט.
און טיף אין די וועלדער געדיכטע
אין דערפער, אין שטעטלעך, אין שטאָט,
צעטראָגן די ווינטן געשיכטעס
פון שוחט געקוילעט וואָס האָט
פאַר זיך פאַר זיין פאָלק פאַר זיין גאָט!...

**1943**

## פּרץ־ליד

וואַרשע,
עס בליען די קאַרשן
מיט צווייגן פאַרבראָכן, ווי הענט.
און ס׳גלאָצן,
מיט אויגעלעך בלאָע, די שפּראָצן
פון פינצטערע ווענט.

באַנאַכט אויפן מאַרק,
אויפן אַלטן,
אַ באַרג
פון צעשליידערטע שטיבער
אויף שרפות שוין קאַלטע.
בלוט פולע גריבער
אַן עיגול,
באַ סלופּעס וואָס סטאַרטשען,
ווי תליות, ווי שוואַרצע,
לעם חורבות צעוואָרפענע ציגל
און שטיינער,
און קיינער ניט, קיינער!

האַלב נאַכט.
אַ בלייכער קומט פּרץ צושלייכן
מיט אַש אויף זיין לייביקער גריווע.
די וואַרימע אויגן פאַרמאַכט, —
נאָר מיט טרערן באַטראָפּנט די וויעס, —
ער קוקט אויפן חורבן, רייסט קריעה
און זעצט נאָך זיין עדה זיך שבעה.

די נאַכט האָט פאַרהאַנגען מיט קרעפּ
און מיט שווייגן די וועלטן.
נאָר בוימער פאַרוואַרפן צעבראָכענע קעפּ
אויף פאַרקריפּלטע צווייגן און שעלטן!...

ס׳הויבט פרין צום הימל די דלאָניעס;
רבונו של עולם! איך האָב דיר געשענקט דריי מתנות!
געשטאַנען מיט דיר בײַ דעם גוסם צוקאָפּנס
און טראָפּנס, נאָך טראָפּנס,
געקליבן בײַ פּשוטע יידן דעם יום טוב אין וואָכן.
וואָס האָסטו די גאָלדענע קייט מיין צעבראָכן?

איך האָב פאַר דיר הערצער געעפנט, ווי ברונעמס,
איך האָב דאָרט גילגולים געשעפּט פון ניגונים
און פראָסטע נשמות, ווי קינדערשע שמייכלען,
דערהויבן האָב איך ביז די טרעפּ פון דיין הכל.

פאַרוואָס איז דיין שטראָף אַזאַ גרויזאַמע, האַרבע,
פאַר מענטשן וואָס האָבן אין בונט קענן שטאַרבן,
מיט ביקסן אין פויסטן קאַלטבלוטיע פאַרקלאַמערט,
דעם הייליקסטן רינג אין מיין קייט אויסגעהאַמערט?

עס גלימערן שטערן אַריבערן געטאָ,
ווי גאָלדענע אותיות אויף פינצטערע בלעטער!...
נאָר טויט איז בר כוכבא און איך רב עקיבא
קום מאָנען יעהאָווע בײַ דיר דין וריבה!...

ווער וועט די גאָלדענע קייט ווידער שמידן
אַז ס'זיינען די יינגסטע פּאַר בלי נאָך פאַרשניטן?
אַז הרג, וחנק אַז שרפה וסקילה,
פאַרלענדט האָט די קנאָספּן די גרינסטע אַפילו!
ווער וועט די גאָלדענע קייט ווידער פלעכטן,
אַז ס'האָט דער שליח פון שטן נאָך נעכטן
פאַרטראָטן אין אַש די גינגאָלדענע פונקען!?...

עס שווייגן די הימלען פאַרלאָטעט מיט כמאַרעס.
עס ליגן די הייזער, ווי מתים אויף טהרות,
ווי עדות פון אומקום.
אין ווייטן נעמט בלויען
און ליכטיקער ווערט
אויף דער ערד
וואָס איז חרוב...

מיר וועלן בויען!
מיר וועלן ווידער די גאָלדענע קייט דיינע שמידן
און פלעכטן
מיר יידן פון נעכטן
דאָס שארית-הפליטה
פון קהילות, געטויטע צעזייטע
אין אַלע געצעלטן...

מיר די תלמידים פון דיר אונדזער רבי,
וועלן אויף צער און אויף פּיין אַן געוואַקל, —
צינדן די פונקען אין אַשן דערטרונקען
לויכטן זאָל ווידער דער פאַקל,
פון ליבשאַפט און אמת דער עמוד
דיין גאָלדענע קייט, —
דיין נר תמיד!!!

סאַמאַרקאַנד, 1943

## צו...

דאָס זיינען ניט קאַרשן!
דאָס זיינען גאָר בלוט־טראָפּנס שווערע
מיין שוועסטערס פון וואַרשע, —
אַ שקלאַף צו, אַ גזלן אַ פּריים, אַ פּאַרקויפטע.
דערפאַר האָט די ערד אַזוי פעט
מיט איר בלוט אָנגעזויפט זיך...

און באַרן!
דאָס פּנים פון ברודער פון דאַרן
געשלעפּט פון דער ליטע.
כדי מיט זיין לייב צו באַמיסטיקן
בוימלעך צעבליטע.
זעט!
נאָך איז אויף טונקעלע פלוימען פאַרבליבן
דער הויך פון זיין וואַרימען אָטעם דעם ליבן...

און עפּל מיט זאַפטיקן רויט אָנגעזאַפּטע! —
דאָס איז דאָך דאָס בלוט
פון די קינדערלעך אונדזערע!
בלוט ביזן דעק אויסגעצאַפּטע,
און נאָכדעם געוואָרפן דורך פענצטער,
ווי ליידיקע פלאַשן...
דערפאַר ברענען דייטשישע גאַסן
ווי פלאַם מיינע זוילן.

די יידן געקומענע אָקאָרשט פון פּוילן,
וואָס טראָגן,
אין חזיר־פעטס ווייסן, אויף ראָגן,
מיין יידישן כבוד פאַרהאַנדלען.
און שמייכלען צו אַרישע טעכטער אָן שאַנדע,
ווי אַלע יונים. —

מיין ליד פול מיט ווייַ, זי זאָל זיי,
זייער טאַטן און מאַמען דערמאָנען!!...

בערלין 1946

# די באַלאַדע פון הירשקע גליק
# און דעם סניפּעשקער רב

זיי האָבן זיך ביידע געטראָפן
אין חורבה פון סניפּעשקער שול.
די אויגן, ווי שיף־פענצטער אָפן
צו ערגעץ אַ תהומיקן גבול...
און האָבן זיך ביידע אין בלענד
פון שטערן פון קאַלטע דערקענט;

דער גרייז־גרויער רב אבא קעסל
דער מרא דאתרא פון גאַס
און גליק דער פּאָעט פונעם געסל, —
דער זינגער פון האָפן און האַס.
און זיינען געבליבן, צוויי ליכט
פאַרלאָשענע, שטיין אומגעריכט.

אַרום זיינען ציגל, ווי קראָען
געלעגן, די פליגל צעשפּרייט.
זיי האָבן דערזען דעם חזיון
פון נעכטן וואָס האָט זיי צעשיידט.
דעם נעכטן, דעם אָנהויב פון גרויל
אין שול דער פאַרברענטער אויף קויל.

א באַנדע צעיושעטע שכנים
מיט דייטשן אַ פּאָר אין געלויף,
געיאָגט האָבןביידן אינאיינעם
אין סניפּעשקער קלויז אויפן הויף, —
דעם רבין רב אבא׳ן, דעם גרייז
און הירשקען, ווי מתים צוויי ווייס.

די זון איז געהאַנגען אַ ווייטע
אין מיטן פון הימל, גאָט׳ס אויג.
זיי האָט מען געשלעפּט צו אַ שייטער
פון ספרים צעברענטע אַ סטויג,
משניותן, תורות און שס,
צעצונדן דורך שכנים פון גאַס.

אומזיסט האָט געשטופּט זיי אין פלאַקער,
מיט חוזק, דער רינג המון־עם.
דער רבי אַזוי ווי אַ פּאַקיר,
איז באָרוועס געשטאַנען אין פלאַם
און האָט מיט די הענט אַלט פאַרגעלט
די ספרים פון פייער פאַרשטעלט.

און גליק ניט געשפּירט האָט דאָס טריפן
פון בלוט אויפן וואונדיקן גוף.
ער האָט נאָר פאַרנומען אין טיפן
פון דורות צו דורות, אַ רוף!...
און שטיל, ווי אַ קוואַל אונטער דרערד
אין זיך האָט ער ווערטער דערהערט...

דער רב איז געשטאַנען אין פייער
אַזוי ווי ער וואָלט זיך געגלייזט, —
און הירשקען דעם שומר הצעיר
האָט ער משה אבא געטרייסט;
וואָס טיפער, וואָס רויטער דער צער —
אַלץ העכער צעבלויטער דער שכר!

אין אָוונט האָט ערשט דער ספּעקטאַקל
דערנענטערט זיך שקעה׳יק צום סוף. —
די שול איז געשטאַנען אַ פאַקל.
און הירשקען אַזוי ווי דעם רב
מיט פּיס און מיט הענט, רויטער ליים,
געבראַכט האָבן יידן אַ היים.

ס׳האָט מאָרגן צעשיידט זיי די געטאָ,
דער הונגער, שגעון, געפּאַר.
דער רב פון די ערשטע איז שפּעטער
געגאַנגען דעם וועג פון פּאָנאַר,
און הירשקע בלוי־אויגיק און יונג
געלעבט האָט אין אומקום אַ רונג.

די געטאָ פאַרשלייפט און פאַרריגלט
געלעגן איז וואונדיק צעגליט,
ס׳האָט גליק צום געשלעג, ווי אַ ציגל
אין דלאָניע געטראָגן זיין ליד.
ביז ס׳האָט אים דער מולכ׳שער גען
פאַרשלייפט אין זיין בראַנדיקער נען!...

פון פייער איז הירשקע אַנטלאָפן.
אין מיט פון אַ וואַלדיקן קאַנט,
איז הירשקע געפאַלן מיט וואָפן
פאַרשטייפט אין זיין אייזיקער האַנט.
און איבער אים שטיין מיט געוויין
איז געבליבן זיין ליד איין אַליין...

— — — — — — — — — — — — — — —

זיי האָבן זיך ביידע געטראָפן
און זיינען געבליבן שטיין שטאַר. —
דער רב, ווי אַ שנייבוים אין צפון
און הירשקע אַ גאַסן פאָנאַר,
און הויך איבער זיי, אַרום זיי,
אַ שטערן פאַל דין, ווי אַ שפריי.

דער רב איז אין ווייט אַפאַרהערטער
געשטאַנען, — אין בויגן אַ פייל.
נאָר הירשקעס צעווירבלטע ווערטער
פאַרהאַלטן אים האָבן אַ ווייל,
און קענן אים הירשקע, אָן אינד,
איז געשטאַנען פאַרוויקלט אין ווינט.

עס זיינען, ווי פויגל, ווי קראַנקע
די ווערטער אַראָפּ פון זיין מויל;
ער רוט אויף אַ שטומער פאָליאַנקע
פאַר׳עיגולט מיט וואָלפיש געהויל.
לבנה-שיין בלייכט זיין געביין,
ווי ליין אויף אַ גראָזיקן פליין.

ער איז זיי מקנא אין גריבער
פאַרפלאָכטן אַ ביין אין אַ ביין —
דריי דורות, פאַרקנאָטן בציבור!
און ער רוט פאַרגעסן אַליין.
טאָ וואָס האָט אין אייביקן שלאָף
קיין רו ניט דער שניפּעשקער רב?!

דער רב איז געשטאַנען אַ דומם.
און פּלוצים אין בלוי האָט זיין שפּראַך
צעוויינט זיך, ווי ווינט אין אַ קוימען;
וואָס גייט ער אום זוכן באַנאַכט?
אַ שטערן פאַלט גרין פון זיין ברעם;
דעם שם דעם פאַרברענטן, דעם שם!

ס'ציט הירשקע דעם האַלדז, ווי אַ שטאָרך אוים
פאַרהאָרכט אינעם רבינס געבּרום...
וואָס זוכט ער? די אותיות פּורחות,
וואָס בלאָנדזשען אין חשכ'ניש אום,
ווי פונקען געטראָגענע בלינד
פון פלאַם אָפּגעפליקט דורכן ווינט.

ס'איז תורה אַ הימל מיט שטערן,
נאָר אותיות אַליין אָן אַ קלויז, —
זיי פאַלן פון הימל, ווי טרערן
און לעשן אין פאַלן זיך אוים.
ער זוכט דאָ אויף חורבן און תל
אָן אות, ווי פון גאָלד אַ קאַרעל.

ס'האָט הירשקע אַ האַנט, ווי אַ שליסל
צום אַש אויסגעשטרעקט אויף אַראָפּ...
לבנה אַ זילבערנע שיסל
געגאָסן האָט מילך אויף זיין קאָפּ
און ליפּן פון ווינטן צעשיילט
באַוועגט האָבן זיך און דערציילט;

געשען איז עס דעמאָלט באַם שייטער,
ווען ער איז צוזאַם מיטן רב
געשטאַנען און שטום זיך געלייטערט.
און פּלוצים, ווי חלום אין שלאָף
דערשפּירט האָט ער אויפגיין אין זיך
די אותיות, ווי שפּרייעלעך ליכט.

דורך אָפענע וואונדן, ווי כוסות,
וואָס האָבן געטראָפן מיט ווייַן
דערשפּירט האָט ער ליכטיקע אותיות
אין אים, ווי זיי קומען אַריין,
ווי בינען באַלאָדן מיט שיין
אין פינצטערן בינשטאָק אַריין...

און ווי אויף אַ צווייג פון אַ מאַנדל
עס בינטלט זיך אויף פרילינג-צוויט
אַזוי האָבן אותיות פאַרוואַנדלט
אין וואָרט זיך, אין שורה און ליד.
און ווי פון דער תבה די טויב
אַרויס איז די ליד פון זיין שויב.

און ער איז געבליבן באַם קראַטער
פאַרלאָשענע לאַווע אַ גוף.
ער הערט פון זיין ליד דאָס געפלאַטער,
ער האָרכט איר פאַרלאָרענעם רוף,
און ספּירן אים שטיל זיינע טריט
אַהער, צו דעם קוואַל פון זיין ליד.

דער רב האָט זיך ווייסער צעלויכטן, —
אַ שויב אין לבנה צעבלאַנקט,
פון ווייט, ווי פון פענצטער פאַרהויכטע,
האָט קוים זיי דערגרייכט אַ געזאַנג; —
אַ זילבער פאַרנעפּלטער ברעג,
„זאָג ניט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג"!

מאָנטרעאַל 1951

# פ י ר ו ת

אויפצונעמען געסט,
האָט אַ בעל־הבית׳טע צוגעגרייט אַ טיש
פון אַלדאָס בעסט.
אויפן טישטוך דעם צעשפרייטן
ווייס ווי שניי,
צווישן אַ געמיש פון קווייטן,
פירות אַלערליי
געבראַכט פון זוניקע מדינות;
אַפּעלסינען, מאַנדאַרינען גאָלדיק־געלע.
אָנגעהויפנטע אויף טעלער
קאָפּ צו קעפּל
קאַרשן — טראָפּנס בלוט
און באַרן, עפּל.
ווי אין אָנהויב אָוונט בלוטיקע לבנות, —
אויפגעשניטענע קאַוואָנעס
אָנגעפינטלט מיט לאַקירטע זוימען.
און באַם ענדע טיש אין שכנות
נים און פלוימען.
פלוימען קאָנטיק פון דעם בעסטן מין.
דורכזיכטיקע געלע, ווי קאַרעלן
פון בורשטין,
אויף די בעקלעך נאָך פון טוי דער רייץ,
פון זון דער פלאַקער,
טוליעט מען זיך איינס צו צווייטס
מען לאַכט פון קנאַקער;

ניט געפונען וועמען אין די אָרעמס נעמען
נאָר אַ נום. —
אַ געגנום! ...
קוקט אַרום ווי אַלע שטוינען! ...
פון אַ טיש „קאַנאָרע ניט“ פאַרשווינען
איינס אין איינס...
דוקא אויסקלייבן אַ ניסל אַ ניט שיינס
וואָסי, נים זיינען געשמאַקער?
כאַ, כאַ, כאַ, און הייסט נאָך קנאַקער! ...
קרישלט אינעם קנאַקערס אָרעם זיך אַ ניסל,
אַ פאַרדאַרטס.
פנים זאָגט עס; איז נאָר שאָלעכץ פון אַ האַרץ.
קלויבערס זיינען אויף דער וועלט דאָ
זייער פיל,
יעדער נעמט נאָר וואָס ס׳געפעלט אים,
וואָס ער וויל.
איינער זוכט אַ זיסן פנים מיט אַ חנ׳דל
מעג אַנשטאָט אַ האַרץ אַפילו זיין אַ ביינדל.
און דער צווייטער גיי דערמאָן אים
שיינס און צאַרטס,
אַז ער זוכט גאָרניט דאָס פנים, —
נאָר דאָס האַרץ! ...

**פאַריז, 1948**

## פ ע ר ל ג ר ו י פ ן

אין אַ טאָג אַ בלוי באַהיטלטן, אַ קלאָרן,
איז נפתלי
בעל־עגלה
מיט זיין פורל צוגעפאָרן, —
צו דער טיר פון בשמים־קרעמל
פון דעם סוחר רב אברמ׳ל.
אָפּגעשטעלט דאָס פערדל מיטן ווייסן פלעק
און פון וואָגן שווער אַראָפּגעשלעפּט צוויי זעק.
האָט אברמ׳ל
זיי געהייסן שטעלן אינעם קרעמל
וויִיט אין עק.
אי דעם ערשטן
זאַק מיט גערשטן,
אי דעם צווייטן זאַק דעם קליינעם,
פול מיט פערלגרויפּן איינס אין איינעם.

שטייען פּערלגרויפּן, באַלד זיי ווייגען;
אַזאַ אומגליק לא עלינו!
זיי אַזוי באַליידיקט, אַ באַוויז —
ניט געשטעלט זיי לעם דעם אויסלענדער
דעם רייז,
ניט לעם זיסן צוקער,
ניט לעם ווייסן מעל,
נאָר פאַררוקט זיי אין דעם כּף הקל.
לעם דעם פּראָסטן ניט געבערשטן
גראָבן יונג דעם גערשטן.!
זיי די איידעלע די אָקאָרשט אויסגעשלייפטע!

און די גערשטן קוקן אויף די פּערלגרויפּן פרעמדליך
און די ליפּן די פאַרשטייפטע
שיטן פייער פלאַם;
„קוקט נאָר אָן דעם כבוד דעם פאַרשוועכטן!
אָקאָרשט אויסגעטאָן די גערשטן העמדלעך, נעכטן!
און זיי שעמען היינט זיך שוין מיט זייער שטאַם!...

## פ ע ר ד

אויף אַ לאָנקע, אַ צעגרינט שטיק ערד,
האָבן זיך באַגעגנט שכנ׳ישע צוויי פערד.
ניט געזען זיך שוין אַזויפל יאָרן!
שטייט מען אין דעם זומערטאָג דעם קלאָרן
האַלדז פאַרלייגט אויף האַלדז.
און מען רעדט, מען שמועסט וועגן אַלץ . . .

„וואָס זשע הערט זיך עפּעס נייעס!?
פרעגט דאָס פערדל, וואָס איז ווייס,
באַם ברוינעם;
„שוין געמעגט אַ פלאָם פאַרברענען
דעם אַזוינעם און אַזוינעם!..
„ווּעמען מיינסטו? פרעגט דער ווייסער;
„ווּעמען? כ׳מיין דעם בייטש דעם שמייסער!
שינדט און שמייסט אַוואו ס׳געראָט אים,
לאָזט ניט אָפּכאַפּן דעם אָטעם
דער רוצח!...

„פערדיש מזל!
הירזשעט אין דער שטיל דער ווייסער;
האָסט באַדאַרפט ווי איך טאָן מיטן פעלנרייסער...
וויפל טעג און וויפל וואָכן,
ווי כ׳האָב שוין דעם פיינעם יונג צעבראָכן,
ניט געלאָזט פון אים קיין סימן.
ניט פון אים און ניט פון רימען!...

„טאַקע ! גיט אַ שפּרונג דער ברוינער ;
איי ווער איך דיך רימען פאַר די שטאַל־באַוואוינער,
פאַר דער וועלט !
בינסט דאָך עפּעס גאָר אַ העלד !
לאָז איך מוז אַ קוש דיר געבן ! ..
אוי בין איך מקנא איצט דיין לעבן !
שלעפּסט פּאַוואָליע זיך אין שפּאַן, אַ בעל הבית. . .
ווילסטו כאַפּסטו פון דער ערד אַ ביסל גראָז, —
אָדער היי אַ בים פון יענעמס וואָגן.
קיינער כאַפּט זיך ניט דיך שלאָגן
יאָגן
אין גאַלאָפּ ! ..

ס'שאָקלט מיטן קאָפּ
דער ווייסער פערד אַרויף אַראָפּ.
צי ער זאָגט עס יאָ, צי טרייבט ער פליגן אָפּ . . .
פּלוצים ווערט דער ברוינער שטום,
ער דערזעט עפּעס ביים ווייסן אויפן רוקן.
פלעקן ניט פון בייטש און ניט פון מוקן ..

סטייטש ! ?
פרעגט ער ; אַז צעבראָכן האָסט די בייטש
דעם שמייסער,
טאָ פאַרטייטש !
אויפן רוקן האָסטו וועלכע פלעקן ?
וועלכע ? !
ענטפערט אָפּ דער ווייסער ;
ניט פון בייטש
פון שטעקן ! ..

איז דער טייטש ;
מיט סימנים פון אַ שטעקן
שריי ניט אויף אַ בייטש ! ..

פאַריז 1948

# קראָ און וועוואַריק

אַן אַלטע שוואַרצע קראָ
האָט אין אַ פּריער שעה
דערזען, — אויף הינטערשטע צוויי פּיסלעך, —
אַ וועוואַריק זיצנדיק און קנאַקן ניסלעך.
„אויף דעם איז מיר פאַרדריסלעך
טאַקע!
האָט זיך די קראָ צעקראַקעט;
קנאַקן ניסלעך! אַ שפּייז
פאַר שטשורעס און פאַר מייז...
דו מיין שכנה האָסט זיך געמעגט פאַרגינען טאָן אַ ביס
אַ שטייגער,
ווי אַ וואָרים, צי אַ פּגר,
דאָס פאַרשטיי איך איז געשמאַק און זיס —
נאַר נים?...
„געוויים געוויים!
האָט זיך דער וועוואַריק אָפּגערופן;
נאַר הער,
דערקלער
מיר קראָ!
ווי קומסטו ווענן נים צו קראַקען
ווי באַלד דו קאָנסט זיי ניט צעקנאַקן!!...

ס׳טרעפט אָפט אַז עמיץ וויל אַ זאַך פאַרשרייען
צוליב דעם אַליין, —
וואָס אים פעלן ציין
דעם מאכל צו צעקייען...

**ווילנע 1938**

# גלאָקן

שטאָט.
אַ פּלאָנטער דראָט
אַריבער
שטיבער,
דעכער,
שטאָקן.

העכער
אויף אַ קלויסטער־טורעם,
קוקן פון די שמאָלע פענצטער־לעכער
גלאָקן.
אונטן
אויף אַ דאַך אַ בונטן,
אַ געשניצטן אויפן ווענעציאַנער שטייגער
הענגט אַ זייגער אויפן הויז־עק.
מאַכן גלאָקן פון זיין קלינגען חוזק;

קלינגער!
באַסעוועט אַ גלאָק אַ שווערער;
אפשר וואָלסטו פאָרט פון צוועלף
געקלונגען מערער? ...
עפּעס ביסטו אויף דער עברי שווער
נאָר דאַרפסט ניט צערנען...
וואָלסט אַ ביסל מער
באַ אונדז געמעגט זיך לערנען
איידער ווערטער ווי די אַרבעס קלויבן.

וועלכער נאַר האָט דיך אַרויסגעהויבן
מיט צוויי פינגער קרייזן
אין אַ רונג?
רוקן זיי און רוקן
יעדער זאָל דעם קאָפּ פאַררייסן
קוקן אויף דער אַרבעט פון דיין מוח.
צונג!
אָט דאָס איז כוח!
שרייען,
בריען,
שיטן קלאַנגען!!!
ניט אומזיסט אונדז האָט מען אויפגעהאָנגען
העכער
איבער דיר און אַלע דעכער,
וועמענס כוח איז עס, וועמענס!
„אמת!
טיקעט שטילערהייט דער זייגער;
יעדער האָט זיין שטייגער
פירונג
און זיין שוואונג...
איינער קלעטערט הויך אַ דאַנק געהירן
און דער צווייטער אַ דאַנק צונג!...״

# גלאַנץ

זונטיק.
אַ יום־טאָג
העלט מיט זיין פּאַרמעג.
אין גינגאָלד
וויקלט זיך אַ וועג
און רינגלט
דערפּעלעך אין דרימל,
אַ לאָנקע שפּיגלט זיך אין הימל,
ווי אין יום־טוב־ליכט אַ כוס.
און עפּעס וואָס,
צופוסנס פון אַ בלימל,
האָט זיך צעפינקלט מיט אַזאַ מין
פייערדיקן כתב, —
אַז אַ שיקסל אַ פּאַרקלערטס,
וואָס האָט געקליבן שטשאַוו
ט׳געמיינט ס׳איז עפּעס ווערטס.
און עס אַ כאַפּ געטאָן צו זיך אין קערבל.
ערשט וואָס, —
אַ שטיקל גלאָז,
אַ שערבל!...

# אָקס און שוואַלב

קאַנטיק אויף דער וועלט ניט פֿיין איז
אַז מען קומט צוגיין מיט טענות...

האָט זיך אין אַ שטעלכל מיט אַ נידעריק געוועלבל
אַן אָקס צעטענה'ט צו אַ שוועלבל
אַ שכנ'טע באַם דאַך אין נעסט;
דו זעסט
זיך אַן אַזויפֿיל זאַכן אין דיין פֿלי,
און איך בין שטענדיק אָדער באַ מיין מי,
אָדער אין די ווענט פֿיר.
טאָ הער מיך אויסעט און פֿאַרענטפֿער!

סטייטש!
כ'לעב ערלעך פֿון מיין שוויים און כוח
און יעדער שמיץ פֿון בייטש,
פֿון דעם רוצח,
נעם איך אָן פֿאַר ליב און זאָג נאָך אמן.
טאָ וואָס זשע קומט דאָס מיר, וואָס מיט מיין נאָמען
קרוינט דער עולם
יעדער וויסטן נאַר און גולם?!

און ס'האָט די פֿליערן, די שוואַלב,
געענטפֿערט אָט דעם גרויסן קאַלב;
איר האָרעוועט און אַרבעט
און לעבט פֿון וואָס?
פֿון דעם וואָס אייער האַר באָט, —
שטרוי און גראָז.
אָוועקגעבנדיק אייער פֿלייש און פֿעל
דעם וואָס אייך שינדט, —
די בעל־הגוף'ן.
טאָ האָט איר ניט פֿאַרדינט
מען זאָל אַ נאַר מיט אייער נאָמען רופֿן?!...

ווילנע 1937

## דימענט און בריליאַנט

אַ דימענטל.
אַן אַרבעטער אַ פּראָסטער,
וואָס פענצטער־ראַמען ליידיקע
באַגלאָזט ער.
דערזען האָט אויף אַ האַנט, —
אַ בליצער,
אַ שטראַלן־שפּריצער,
אַ בריליאַנט.

אין זון צעשפּיגלט און צעברענט.
אין הונדערט קאַנטיקייט געשליפן.
און האָט אין אים דערקענט, —
אַ חבר פון די זעלבע טיפן
און דעם זעלבן שטאַם,
וואָס איז מיט אים צוזאַם
אין אונטערערד געלעגן.
און אויף צו פאַרשטיין אַ בעלן
האָט ער אים גענומען פרעגן
ווי אַזוי?

ס׳האָט דער בריליאַנט אַ שאָט געטאָן מיט שטראַלן
גרין און ראָז און בלוי;
וואָס איז דאָ ניט צו באַגרייפן?
אויף צו קאָנען שפּעטער שיינען, —
דאַרף מען זיך אַפריער שלייפן!...

ווילנע 1938

# אָרקעסטער

ס׳האָט אין אָרקעסטער באַ אַ טאַנץ, צי באַ אַ הימן,
אַ דינע פּלייט גענומען אויף אַ גראָבער פּויק זיך קרימען;
וואָס האָסטו זיך צעשריען ווי אַ פּויער
און ראַצסט אין יעדן איידעלערן אויער?
באַ אונז, אין זינגעוודיקן רומל,
האָט אַפילו אַ טרומייט פאַרוואָרפן זיין געשריי
און שפּילט שוין.
טאָ וואָס זשע קומסטו מיט אַ טומל
גרילצן?!

און ס׳האָט די פּויק דער פּלייט
געענטפערט מיט די רייד;
„סאיז גוט צו זיין אַ זינגער,
ווען ס׳קושן ליפּן און עס גלעטן פינגער.
נאָר וואָלט מען מיט אַ פּלאָקן מיט אַ שווערן,
געקומען רייסן דיר, ווי מיר די פעל,
וואָלט איך אַ בעלן זיין צו הערן
ווי ס׳וואָלט ענטפערן דיין קעל?!...״

ווילנע 1934

# ה י נ ט

עס זיינען אין אַ פּראָסטן וואָכעדיקן מאַנטיק,
אַ באַנדע הינט. באַפאַלן לעם אַ פּריצישן מאַיאָנטעק,
אַ דורכגייער, אַ פרידלעכן, אַ שטילן.
באַפאַלן מיט אַ האַווקעריי, אַ בילן,
מיט די ציין...
עס מוסר'ט זיי דער דורכגייער; ניט שיין!
און זיי, זיי בייסן אים,
זיי רייסן אים,
זיי יאָגן!...
עס מוסר'ט שוין דער גייער ניט, ער שרייט!...
און קוים מיט קלאָגן
האָט אים געראַטעוועט אַ פּויער פון ניט ווייט.
עס גיסט זיך בלוט און רינט.
אַ ניין ער מוז זיי אָנלערנען די הינט —
ער וועט זיי גיין פאַרמסר'ן, פאַרקלאָגן!...
„פאַר וועמען?
קנייטשט דער פּויער מיט די ברעמען;...
„ס'הייסט פאַר וועמען?!
פאַרן פּריץ פון מאַיאָנטעק!
„קאָנטיק
אַז ביסט ניט פון דאַנען
רעדט דער פּויער שמייכלענדיקערהייט;
ווייל ניט וואָלסו פאַרשטאַנען, —
אַ בעל-הבית. אַ גוטער האָט פאַר הינט אַ קייט!
און אויב באַם היגן פּריץ הוליען כלבים,
ווי אין פעלד דער ווינט,
איז ער אַליין מסתם ניט בעסער,
פון די הינט!...

פוילן 1939

# פליער

אין אַ שטורעם, אין אַווירבלדיק געדריי,
האָט פון רינשטאָקן פון שטויבן
אויפגעהויבן זיך אַ שטרוי,
מיטן ווינט גענומען פליען
און פון הויך אַראָפּגעשריען
מיט געשפּעט.
צו די פייגל אין די שפּאַלטן;
— זעט!
ווי מען האָט זיך עס באַהאַלטן
און פאַרקראָכן;
צווישן שטיינער, אונטער מאָכן
אין די צווייגן.
קוקט די זינגער אָן וואָס שווייגן!...
האָ?!
שמעקט איך ניט אַ ווינט אַזאַ?
אַ זאווי —
וואו ווי פייגל פליען שטרוי.

פליער! ...
ווי מען פלעגט עס פריער
קרייזן
פיין.
נאָר מיט פליטערלעך זיך שפּייזן...
זינגען לויב צו זונענשיין...
אָבער איצט...
ווען ס'בליצט,
ווען ס'דונערט, ווען עס בלישטשעט!?...
— „ס'וועט אַריבער.
האָט אַ פייגל זיך צעפּישטשעט;
נאָכן שטורעם
וועט מען חידער
קרייזן איבער טורעמס,
זינגען לידער,
איבער פעלד און לאָנקעס רו
אַ גרין שטיק.
אָבער דו —
אַ שטרוי, וועסט ווידער
פוילן אין דעם רינשטאָק! ...

## בוריק און קעז

אָקאָרשט פון פּרעס,
אַ האָלענדער קעז
גראָב־בייכיק און רויט־צורה׳יק.
האָט חנ׳דלען זיך גענומען צו אַ בוריק;
— „ווילסט גלויבן,
וואָס כ׳וועל זיך דערלויבן
טאָן אַ זאָג?!..
ס׳איז קלאָר, ווי טאָג,
אַז ביידע זיינען מיר פון זעלבן גלויבן!..
אַ סימן האָסטו דאָ מיין הויט,
וואָס איז ווי דיינע רויט!..
איי דאָס וואָס כ׳בין אַ האָרעלע געפּאַקטער
בין איך ניט שולדיק, — ס׳איז באַ מיר אַזאַ כאַראַקטער!
דאָס בוריקל אַ פּשוט׳ער בורלאַקל
האָט אים געענטפערט פּראָסט;
בסך הכל
קעז, איז דיין גאַנצע רויט
די הויט.
און דאָס וואָס דו רופסט זיך חבר —
דאַרף מען נאָר אויסטאָן דיר דיין רויטן פראַקל
דערשפּירט מען גלייך דיין אויר!..

## די פּעסל

ס׳האָט באַ אַ פּויערל, אַ יונגן בעל־הבית׳ל,
פאַרפּעלט אין בעל הבית׳ישקייט אַ פּעסל.
ניטאָ קיין וואַסער וואו צו האַלטן,
ניטאָ וואו צו פאַרזייערן קיין קרויט.
עס שילט די פויערטע איר „אַלטן"
און טוט אים אָן דעם טויט...
סאיז אונדזער פויער ניט צום וויינען ניט צום לאַכן.
וואָס טוט מען? גיט אָן עצה אדרבה!
די אַרבעט ברענט, נאָר הויבט זיך אָנעט מיט אַ „באַבע"...
און ס׳האָט דאָס פּויערל געמוזט פאַרוואַרפן אַלע זאַכן
און נעמען זיך אַ כלי מאַכן.
געהובלט האָט ער און געשניצט.
געשניטן און געשוויצט,
און אויסגעמייסטרעוועט אַלץ אויפן בעסטן אופן. —
אַ טונכל, ווי אַ מויד אַ קלאָרע, אַ פאַרשוין.
מען דאַרף איר אָנטאָן נאָר די רייפן
און שוין!...

נאָר דאָ איז אים געשען די צרה.
ס'האָט אונדזער בעל הבית
אין מורא אַז די פּעסל זאָל ניט נעצן, —
פֿאַרגעסנדיק אָן יעדער מאָס,
גענומען העכער אַלץ די רייפֿן צו פֿאַרזעצן.
עס קריכט איין קליעפּקע אויף דער צווייטער שוין אַרויף,
נאָר ס'טרייבט דער פֿויער העכער אַלץ די רייף,
ביז פּלוצים, מעשה שטן,
האָט די רייף געפּלאַצט —
און ס'האָט די פּעסל זיך צעשאָטן.

עד כאן דער משל.
און דער נמשל אין די זאַצן;
וואָס ענגער פֿויער מאַכסט די רייף,
די פּעטליע, צי דעם שלייף
אַלץ גיכער וועט עס פּלאַצן!...

ווילנע 1936

## עמער און פּעסל

אַנגעאַרבעט זיך פון פרי ביז דעמער
האָט דער וואַסערטרעגער העשל.
קוים אין אָוונט האָט ער אויפן הויף,
באַם רעגנוואַסער פּעסל,
אויסגעטאָן די עמער.
אָנגעשפּאַרט די קאָראָמיסלע אָנעם פּעסל־עק
און זיך אויסרוען אין שטוב אַוועק...

האָט די פּעסל צו דעם הימל
גרין אַ גלאָץ געטאָן מיט שימל
און מיט פוילע ציין געטאָן אַ שמייכל;
מזל זאָל מען האָבן, ניט קיין שכל!
איז אַ פראַגע וועם איך מיין עם?
אָט די עמער מיינע שכנות...
עך!
דאַכט זיך פראָסטע בלעך.
ניט קיין זילבער, ניט קיין גאָלד,
און דאָס מזל האָט זיי האָלט!...
הענגט ער זיי אַ גאַנצן טאָג אָן
וועמן אויפן רוקן,
עפנט ברייט פאַר זיי אויף אַלע טירן,
קאָן מען ניט פאַר קנאה פּוקן
און קראַפּירן?!

וואָסער זאָגסטו טראָגן זיי אין אַלע שטיבער? —
ווער פֿאַר וואָסער טראָגט עס הויך?!
וואָסער שטייען פֿולע גריבער...
און באַ מיר אַ פֿולן בויך
גיסט אָן דער דאַך,
ווען ס'נעמען וואָלקנס אים צעוואָגן.
קומט מען אויף די פּלייצעס טראָגן
מיך אַ סך?
מזל דאַרף מען האָבן צו אַ פּלייצע נעמער
יאָ!...

„האָ!
האָבן זיך צעברומט די עמער;
ס'שטייט אַ פֿוילע פֿאַס באַם רעגן רינע
און האָט טענות צו דער וועלט מיט קנאה.
ווילסטו פֿאַס מען זאָל דיר אויף די פּלייצעס שלעפּן? —
גיי זיי מוחל פֿון די טיפֿע ברונעמס שעפּן!..."

פּאַריז 1950

# האַק און האַמער

אַ הענקער־האַק פאַרלאָזט
און טעמפּ. פון בלוט פאַרראָסט,
געבראַכט האָט מען אין שמידעריי.
צי איבערשמידן איר אויפסניי,
צי לייטערן אין פייערפינקל, —
אַ שליידער האָט מען איר געטאָן אין ווינקל
וואַרטן אויף איר ריי.

עס פאָכן בלאָז־זעק מיט געוויי,
די האָרנע בלוטיקט אויפן גאַנצן קאַמער.
אַן אייזן אין אַ צוואַנג פאַרקלאַמערט
אויפן שמידקלאָץ שרייט און בעט זיך...
און שלאָגט דער האַמער —
ממית׳ט, מכּות רצח!...

עס ציטערט אויף דער האק דער זשאַווער!...
„חבר!
חנפ'עט זי דעם האַמער;
דערקאָנסט גאָרניט קיין ברודער
פון דער זעלבער רודע?
צוזאַמען אין איין פלאַסט געלעגן!
אַ וויפל זיינען יאָר אַוועק
פון יענע טעג?!
דאָך ווידער האָט די צייט אונז אויפגעגעגנט,
ווידער...
נאָר איך בין מאַט און שוואַך
און דו אַ גיבור, —
האָב גענאָד!...

„האָך!
שלאָגט אין מיטן איר דער האַמער איבער;
קאָן זיין אַז פון אָפּשטאַם ברידער,
אָבער פרעמד מאַכט אונז די טאָט!
איך דין דעם שמידער.
דו — דעם קאַט!...

# סאַמאָוואַר און טשייניק

אַ טשייניקל אַ האַר,
וואָס זיצט פון תמיד
אויפן קאַרק באַם סאַמאָוואַר
און צאַפּט...
האָט זיך אַן אינדערפרי אַרויסגעכאַפּט
צו דעם צוקאָכטן סאַמאָוואַר מיט אַ ירגזון;
רק דו וויקלסט זיך אין פּאַרע קנוילן
און חבר׳סט זיך מיט רויטע קוילן,
וואָס צעבלאָזן
אין דיין האַרץ, ווי אין אַ שייער,
אַ בלוטיק רויטן הייסן פייער.
זאָג! קענן ווען און פאַרוואָס
דו האָדעווען אין פייער דיין פאַרדראָס?
דער סאַמאָוואַר
אַ גבר
פון מעש געגאָסן,
האָט אָפּגעענטפערט מיט דעם לשון;
פאַר דיר געטרייער
האָדעווע איך פייער!
ווייל פאַר אַ האַר,
וואָס צאַפּט און טרעט די פּלייצע —
מיט זיינע בלעך געשמידטע זוילן.
איז דאָ איין עצה...
קוילן!..

ווילנע 1934

# בוימער

הינטער שטאָט באַם פּריצל איוואַנעץ,
שטייט אַ סאָד אַרומגערינגלט מיט קאַשטאַנעץ
און מיט ליפּעס און מיט אָלכעס.
שטייט אַ סעדל ניט געזען אַזעלכעס..
האָט דאָס פּריצל פאַרשטאַנען
און אַרומגעפלאַנצט דעם סאָד, אַ ראָד
פון קליאָנעס און קאַשטאַנען.
זאָלן זיי פון קעלט און היצן
זיין באַרימטן סאָד באַשיצן.
שטייען בוימער אַרום סאָד, ווי ברענענדיקע לעמפּ,
און צווישן זיי אין מיטן אויך אַ דעמב.
הויך און ברייט אַ ווילד געקרויזטער,
שטייט ער רוישט ער
מיט די בלעטער,
צו דעם נאָנטסטן באַרבוים רעדט ער;
אויף זיין גורל נאָר צו וויינען!..
זיינע אָבות, אבותינו
זיינען אין די וועלדער הארן,
די קסרים צווישן בוימער·
ער באַדאַרף עס זיין אַ שומר!
היטן...
זאַמדן זאָלן ניט פאַרשיטן,
ווינטן זאָלן ניט פאַרדאַרן,
וועמען? בוימלעך, עפּל, באַרן.
ביז זיין קני דערגרייכט דאָך יעדער...
ווער האָט אויסגעטראַכט די סעדער
האַ?!
„— שאַ!
פּליסטערט אָפּ דער באַרבוים; כ׳וועל דיר
ענטפערן וואָס קלוגס;
אין די פּוסטע וויסטע וועלדער
שאַצט מען לויטן וואוקס
דאָרטן!
אָבער אין אַ גאָרטן
גאָר קאַפּויר איז —
בוימער שאַצט מען לויט די פּרות!..

## חניפה (אַ משל)

אַ פּאַרהױז.
זיצט און דרעמלט אַ משרת,
מיט אַ פּנים אַ באַמאַכטן.
ס׳ליגן חפצים אַלערליי;
אַ רונדער טרעטערל פון שטרוי —
געפלאַכטן.
אַ קופערט מיט אַ בויך
און אויך
אַ חפץ אַן אַנטיקל —
אַ געפלעכט
פון חזיר־האָר וואָס שטעכט
און פּראָסטן האַלץ אַ שטיקל.
אַ בערשטל.

„הערסטו ? !
רעדט דאָס בערשטל
צו דעם קופערטל אין שכנות;
דאַכט זיך אַז מיין גופל קליין איז,
אָן באַדייט,
נאָר אויסגעבונדן איז עס מיט די גרעסטע לייט, —
מיט סאַמע סאַמעט און מיט זייד.
ניטאָ איז נאָך אַזאַ וועך,
וואָס זאָל ווי איך אָן אויפהער
זיין אַ חבר,
מיט אַטלאַס און מיט סויבל.

אוודאי!
ענטפערט אַפּ דער קופערט
שאָקלענדיק דעם שווערן קאָפּ;
לאָזט דען פאַלן ווען אויף זיי אַ שטויבל?
גלעטסט זיי מיט די האָר אַראָפּ
קאַמסט זיי,
ראַמסט זיי,
מאַכסט זיי ריין און פוצסט.
און ווערסט אַליין שמוציקער אַליין
פון יענעמס שמוץ..."

ווילנע 1933

## לאָמפּ און שפּיגל

אויף אַ טישל שטייט אַ לעמפּל, ברענט ער.
און אַנטקעגן, אויף אַ זילבער־פוס אַן אָנגעלענדטער,
שטייט אַ שפּיגל,
אַ צעבלענדטער.
ווער ס'האָט פליגל
אַרום לעמפּל דרייט זיך,
פליט. —
פליטערלעך און פלאַטערלעך פון יעדן מין.
עס פאַרשטייט זיך,
פייער ציט..
קרייזט מען אַרום פלעמעלע אַרום
וואַרימט מען די פליגעלעך די דינע
און דער שפּיגל איז אַזש גרין
פאַר קינאה.
שפּיגלט ער אַלץ קרום
אָפּ אין זיין גלאָז
און ער בלינצלט מיט פאַרדראָס ;
„— קוקט נאָר אָן דעם הודו־טאַנץ, דאָס שפּרינגעריי !
ניט געזען קיין לעמפּעלע, איי איי !
אַ לעמפּעלע מיט טשאַד און רויך
און אויר'ט דאַכט זיך אויך מיט אייל..
נאָר גיי דערצייל
דעם עולם ווער
עס איז מסוגל מער
אין זון צו גלאַנצן
און צו שיינען,
אַז חברה טאַנצן...
„גענוג צו טענה'ן !
איז פונקט אַ פלאַטערל פאַרביי געפלויגן
פאַרבלענדסט נאָר אַלעמען די אויגן
זיך שפּיגלענדיק אין יענעמס שיין,
אַ קונץ אין זונענליכט צו שיינען !
אַ שערבל פרווט דאָן אויך אַ דימענט זיין...
פּרוביר באַנאַכט דערוואַרימען און לייכטן וועמען.
כדי עס קענען
דאַרף מען אַליין פאַרמאָגן פייער,
ברענען !

לאָדזש **1946**

# באַרימעריי

עמיץ אין אַ שטאָט צי אין אַ שטעטל —
האָט אַ וואָרף אַוועק געטאָן
אַ ניט־דעררויכערטע סיגאַרעטל.
און אַז מען פאַלט שוין
קייקלט מען זיך באַרג אַראָפּ משופּע..
האָט אויך דער סיגאַרעט
דערקייקלט זיך צו מיסט אַ קופּע.
אַ הויפן פון געוועזענע און אָפּגעלעבטע לייטן,
ליגן זיי באַרימען זיך
מיט דעם אַמאָל, דעם ווייטן ..

„עך!
רעדט אַ פּראָסטע
האַלב פאַררײַסטע
שטיקל בלעך;
מיינט איר אַז כ׳בין שטענדיק
בלעך געווען אַ שטיקל?
איך געדענק נאָך יענע צייט
ווען כ׳בין געוועזן ניקל ...
ווערן ליכטיק
פלעגט ווען כ׳פלעג זיך נאָר באַווייזן״ .. —

„ריכטיק!
רייסט איר דיבור
איבער
אַ צעדרייטער אייזן;
אוי אַמאָל!...
ווען כ׳בין פון שטאָל
געווען אַ שווערד.
ווער האָט עס פון מיין גבורה ניט געהערט?!״

,,געהערט געהערט!..
איז מען אין מיטן אים אריינגעפאלן זאלבע פערט;
און יעדער —
א האלבע קאם, א שטיקל לעדער,
אן אלטער טאוול און א טעמפער אל,
גענומען האבן מיט אמאל
דערציילן און דערציילן פון אמאל!״..
אמאל! — —

פלוצים אינעם מיטן
פון דערציילטע גליקן
האט ווי א מעסער אפגעשניטן
אלע רייד, א קוויטשיקער כיכיקען...;
,,כי!
קייקלט פון געלעכטער זיך דאס סיגארעטל;
כי רב ניקל, כי רב אייזן!
וואס איז דער אמאל? אן אויסגעריסן בלעטל!
הערט און זעט
וואס ס'ועט א שטיקל סיגארעט
נאך איצט באווייזן!..
זאל דאס ווינטל נאר א בלאז טאן
זאל!..
וועל איך מיטן פלאם א לאז טאן
כלו כל!..
פריער
וועל איך מיט אייך אלע מאכן על הביאור״..
שפעטער,
וועל איך אויפן צאם
פון ברעטער
אנטאן פלאם.

ברענען וועט דער טויער
און דער מויער
און דאָס גאַנצע שטעטל . .
זאָל מען זען
וואָס ס׳קען
אַ סיגאַרעטל ! . .
איי וועט עס אַ שרפה זיין, אַ פלאַקער !
איי ! !

פלוצים איז אַ דורכגייער פאַרביי
געטאָן אַ שפיי —
טששש
און אוים באַרימעריי ! ! . .

מאָנטרעאַל 1950

# גאַנדז און וואָראָביי

ערב פרילינג אויפן שמעלצעדיקן שניי
אין הויפל, איז געקומען פיקן,
אַ הונגעריקער וואָראָביי,
דאָס הערצל, דאָס פאַר׳חלש׳טע דערקוויקן.

וואָס דאַרף אַ פיצל וואָראָביי
אין ווינטער־טאָג אין קאַלטן?
קערנער צוויי
דאָס בידנע נפש׳ל דערהאַלטן...
עס איז געווים ניט קלוג און שרעקלעך
צו קומען אויפן ברוק נאָך ברעקלעך, —
וואו קינדער שפּרייטן אָפט אַ נעץ
און וואו עס לויערן
פון הינטער טויערן
באַהאַלטן הינט און קעץ.

נאָר ווער ס׳איז דאַר
פאַרגעסט געפאַר!..
און אונדזער וואָראָביי,
איז צו כמעט ווי ביזן טרעפּל.
אַ דריי אַהין און הער דאָס קעפּל.
אַ שפּרונג, אַ טאַנץ,
און שוין ער האָט שוין וואָס אין שנעבל...
נאָר פון דער זייט האָט עס דערזען
אַ פעטע גאַנדז
און זיך געטאָן צו אים אַ לאָז
מיט פעך און שוועבל;

גאַ־גאַ־גאַ־גנב וואָראָביי !
איז זי אַרוים מיט אַ געשריי
און אַ געגקלאָג. —
אין מיטן העלן טאָג
געקומען
און פון מיין מויל אַ האָבער צוגענומען !
שוין אומעטום זיינען די שלעפער פול !
צו קומען אין מיין גבול
אַרויסרייסן פון מויל דעם ביסן..
וואַרט כ׳וועל זאָגן עס דעם בעל־הבית, ר׳ ניסן
וועסטו ניט אומפליען שוין פראַנק און פריי ...
„און שוין פון דאָך האָט אָפגעענטפערט איר אַ פישטשעריי ;
אודי וויים איך
אַז ס׳איז דיינע אַלץ !..
נאָר באַלד אויף פסח
וועט מען קוילען דיר אויף שמאַלץ..
טאָ וואָס זשע זשאַלעווען אַ האָבער פאַר אַ וואָראָביי ?..

באַ מענטשן איז עס אויך אַזוי..
אויף בייכער פלאַצן אזש די רעקלעך,
נאָר קומט אונטערן טיש אַן אָרימאַן נאָך ברעקלעך
הויבט מען, ווי די גאַנדז אויף אַ געשריי ! ...

## שאָף

אויבן
גליט,
ווי קוילן
גאָלדענע דער סכך.
און אונטן שפּרייזט מיט טריט,
מיט טונקעלע געהיים,
דער דעמער.
און אויפן שליאַך, —
אין קנוילן
געלע שטויבן, —
טרייבט אַ פּאַסטוכל אַ היים
אַ סטאַדע לעמער.

עס ברענען אינעם וויטן דאָרף די שויבן.
אַ ווינטל קילט דעם אָנגעגליטן גרונט.
עס טוליען שאָף זיך איינס צום צווייטן.
דער פּאַסטוך שילט!
און „וואַן" דער סטאַדע־הונט
אַרויסגעשטעלט דעם צונג דעם רויטן
בילט;

אָן אומה!...
אַז קיין תקומה
האָבן זאָלן זיי שוין ניט!
היט זיי נאָכאַנאַנד און היט!...
האָבן הערנערלעך צום שטויסן,
האָבן טלאעלעך צום בריקען!
נאָר אַז ס'קומט אָן אַ וואָלף זיי שטיקן,
זאַמלט מען זיך אויף אין אַ געוויִמל
און מען מעקעט צו דעם הימל!
פע!
איך...

„מעעעע —
מעסט נאָר ניט אָן זיך!
האָט אָפּגערופן זיך אַ שאָף אַ פּראָסטע;
אונדז שעכט אַ יעדער בעל הבית,
עס שערט אַ יעדער בעל הבית'טע!
אויף יעדער וועג און יעדן שטעגל
וואַרטן ציין אויף אונדז און נעגל!
און אַז הינט זיינען די היטער,
פּאַסטוכער געביטער,
איז ניט קיין וואונדער כלב
וואָס מען ציטערט!...

ווילנע 1936

# אַ ווינטמיל

ס'טרעפט, דאָס ווינטל הערט אויף ווייען.
האָט די ווינטמיל אויפן היגל
אויפגעהערט די פליגל
דרייען.
שטיין געבליבן אַ פּאַר'גולמ'טע אין קלערן
מיט אַן איקס אַ גרויסן אויפן שטערן.

און דער איקס — די פליגל
אויפגעהערט זיך דרייען אין אַן עיגול
ריידן;
די פון אויבן מיט תקיפות
און די אונטערשטע באַשיידן.

„עס איז מיאוס זיך אַליין צו לויבן!
ריידן פליגל די פון אויבן;
אָבער הער נאָר!
כ'האָב אַליין געהערט עס פון דעם מילנער גרונם;
ס'איז צעטיילט די וועלט אויף פּים און הערנער
מקדמונים.
איז דער גורל פון די פּים די הערנער טראָגן
און אַליין צו טאָפּטשען אין די שטויבן.
מענגסט זיך אַמפּערן און שטוינען
אָבער הערנער וואַקסן פּאָרט אויף קעפּ, ווי קרוינען.
און פּים פון אייביק אַן זיינען אויף דער ערד.
עס איז מסתּם אַזוי די פּים באַשערט
צו שלעפּן אויף די פּלייצעס אונדז, די שטויסער.

— „אָבער אמת, אָבער יושר!
שרייען פליגל פון דערנידער;
זיינען מיר ניט פון דעם זעלבן גוף צוויי גלידער?
ברידער,
לערנען אונדז צו זיין די אמת־לערנער!
„אמת ווילסטו זוכן בא די הערנער?
לאַכן פליגל וואָס פון אויבן;..
פלוצים נעמט דער שליאַך זיך שטויבן.
ס׳קומט אַ ווינט אָן מיט געוויי
טוט די פליגלען גיך אַ דריי
און לאָזט זיי שטיין פאַרקערט —
די פון אויבן צו די שטויבן
און צו הויכן די פון דרערד.

און פליגל
אויפגעהערט זיך דרייען אין אַן עיגול
ריידן
די פון אויבן מיט תקיפות
און די אונטערשטע באַשיידן....

פאַריז 1948

## שוואַלב און אינדיק

מיט אַלע פּרילינג-געסט,
איז אויפֿן הויף געקומען, —
אַ שוועלבל אין אַ ווייסער וועסט.
און בויען זיך גענומען
אויפֿן דאַך פֿון אַלטן שטאַל
אַ נעסט.

אַ האַלבן טאָג נאָך מאַטעריאַל
איז זי אַרומגעפֿלויגן מיט געאייל
נאָך שטרוי, נאָך פּוך
און נאָך אַ פֿאָדעם טוך. —
זי דאַרף אַליין אַ יעדע זאַך טאָן...
און מיטיקצייט האָט זי זיך צוגעזעצט אַ ווייל,
זיך אָפּרוען און אויך דעם הויף באַטראַכטן...

זי ווערט אַ שכנה דאָ פֿון היינט
דאַרף מען חברים צוקלייבן זיך, פֿריינט,
באַקאָנען זיך מיט שכנים.
און פֿון דער הויך פֿון שינדל-דאַך
האָט זי צו זיך אויף שוועלבל-שפּראַך

גענומען שאַצן יעדן אײנעם;

דער האָן פון אײביק אָן
אַ טומלער און אַ קרײער.
זײן פרײנטשאַפט איז ניט װערט קײן צװײער...
אַ שלעגער־יונג אַ בראַװער
ער שלאָגט זײן פרױ
מכל שכן אַ חבר.

די הינער, פױ!
באַרימער!
מען לײגט אַן אײ,
איז אַ געשרײ
שױן אױפן גאַנצן צימער.
דערצו באַרעדט מען יעדן אײנעם...
אַנטלױפן מוז מען פון אַזױנע שכנים!...

פון ערשטן קוק
דערקאָנט מען גלײך אַ מרוק —
די ענטל!
די גאַנדז אַ פּוצערן, אַ פּעטע יענטל!
אַ גוטן פרײנט,

איז שווער זיך צוצוקלייבן היינט,
נייע פריינטשאַפט ראַסט זיך!
נאָר ווער
איז יענער הער
וואָס שטייט און בלאָזט זיך?

אַ פיינער עוף!
מסתם אַ פילאָזאָף,
אַ דענקער פול מיט וויסן, אַ באַרימטער מאַן!
מען זעט עס אָן זיין גדלות׳דיקן שפּאַן...
מיט אים לוינט זיך באַקאַנטשאַפט שליסן!

און איילנדיק, געשווינדיק,
האָט זיך די שוואַלב אַ לאָז געטאָן צום אינדיק
מיט אַ שלום.
און אָנגעהויבן רימען אויפן קול אים;
גערטער!
איך האָב גאָרניט קיין ווערטער
אויסצודריקן אייך מיין פרייד, —
וואָס כ׳ווער דאָ אייערע אַ שכנה.
צעווישן אַלע לייט געמיינע
אָנטרעפן אַזאַ, ווי איר, מיט וועם
מעט קאָנען בייטן אַ פּאָר קלוגע רייד,
איז בלויז אַ גליק!

איך קום גראָד היינט צוריק
פון לענדער ווייטע צען.
כ'האָב פיל געזען
און אויסגעלערנט זיך דערקאָנען צווישן עכט
און שלעכט.
דעריבער שלום דיר!
און שלום נאָכאַמאָל דיר!...

„האָלדיר־באָלדיר! האָלדיר־באָלדיר;
האָט אַ וואָרף געטאָן דער אינדיק מיט זײַן גווידער.
און פול מיט שווידער
האָט די שוואַלב זיך אָפּגעטראָגן בחפזון.
און שוין באַ זיך אין חדר
זיך געטאָן אַ נדר;
מער ניט שאַצן קיינעם
לויטן גדלען זיך און בלאָזן!...

פּאַריז, 1948

# ב ר י ל ן

א טאַטע האָט
געבראַכט פון שטאָט —
טרעפט נאָר וואָס ס׳קאָן נאָר איינפאַלן א טאַטן!...
צוויי פּאָר זונברילן פאַר ביידע יאַטן.
אַ פרייד אַ גדולה!
די בנים לויפן אום, ווי דולע,
מיט די ברילן אויפן נאָז.
רק נאָכאַנאַנד מען ווישט דאָס גלאָז,
מען רייניקט יעדעס שפּעלטל
און דורך די ברילן קוקט מען אויף גאָטס וועלטל.

ווי בלאָ, שרייט חיימ׳ל,
ער האָט גראָד ברילן בלאָע.
ער שפּרינגט אַזש אונטער פאַר הנאה,
די גראָז, די ערד די גאַנצע איז אַ הימל...

און יאָסל
מאַכט אַלץ פּסול
צום פאַרדראָס,
ער קוקט אויף אַלץ דורך גרינעם גלאָז
און זאָגט;
די וואָלקנדלעך אַרום דער זון
זיינען ווי גרינע בלעטעלעך אַרום אַ בלימל.

גרין בלוי בלוי גרין!
עס האָבן זיך גענומען שפּאַרן בײדע זין.
ס'האַלט יעדער זיך בײַ זײַנס כאָטש נעם צערײַס אים
און פון געשרײ
אַריבער זײַנען זײ
צו מעשים!...
און בײַ די האָר זיך רײַסנדיק,
זיך צופּנדיק די נעזער,
האָט אײנס דאָס אַנדערע אַראָפּגעשלעפּט
די אויגנגלעזער
און...
שטײן געבליבן מיט דיברילן אין די הענט.

אַ גאָלדענע אַ העלע זון
האָט זײ פאַרבלענדט!...

# אַ ליכטל

אויפגעשטאַנען איז אין מיטן נאַכט רב יונה.
אָפּגעגאָסן נעגלוואַסער, אָנגעטריפט אַ ליכטעלע אַ קליינע,
און אַוועקגעזעצט זיך אָפּצוריכטן חצות.
טוט אַ ווינטעלע אַ בלאָז
נעמט דאָס ליכטעלע מיט חלב טראָפּנס וויינען;

אַ געשטראָפט איז זי פון גורל אירס, געשטראָפט!
אַלץ געחלומט און געהאָפט —
אין אַ פרייטיק אָנצוצינדן זיך אַ שבת־ליכט.
וואָלט אַ מאַמעשי אַ שטילע,
מיט צוויי דורכזיכטיקע הענט פאַרדעקנדיק ס׳געזיכט,
אָפּגעפּליסטערט איבער איר אַ תפילה.
וואָלט אַ טאַטע קומענדיק פון שול
אויף צוויי חלות, באַ איר שיין
געזונגען קידוש,
און באַ איר צופוסנס אויפן שטול,
וואָלט אַ קינד אַ פלאַפלערל איר פלעמעלע באַחידושט.
וואָלט זיך רואיק אויסגעבהענט איר לעבן, שיכט נאָך שיכט
און וואָלט אויסגעצאַנקט אַזוי ווי ס׳איז באַשערט אַ ליכט,—
אויף אַ טישטוך, אין אַ לייכטער...

אָבער דאָ אין מיטן נאַכט אין פייכטער
באַ אַ וויינענדיקן איכה־ניגון,
וואו אַ הפקר׳ניק, אַ ווינטל, קומט איר פלעמל וויגן
און אין דרייען אויסבויגן איר גופ׳ל, —
דאָס איז צופיל!

ליבער,
זאָל אַ שטורים קומען שוין אויף אַלע שטיבער,
און אַ שליידער טאָן דעם טיש דעם קרומען,
די מדינה פון איר קראַנקן לעבן.
וואָלט איר פלעמל זיך אַ וואָרף געגעבן
אויפן ספר, אויפן דיל און ווענט
און אין שׂרפות זיך צעברענט אין רויטע,
אַש זאָל ווערן פון דאָס גאַנצע שטעטל! ...

„ששששוטה!
טוט אין ספר זיך אַ מיש אַ בלעטל,
ווי אַ צינגל אַ צעפּענטער;
„בעט ניט אויפן שטורעם שוועסטער!
אמת.
פייערן צעברענט ער,
אָבער ליכטעלעך פאַרלעשט ער ...

# א י נ ה אַ ל ט :

## טעג



## מלחמה

## משלים

איך דריק אויס מיין דאַנק דעם קאָמיטעט. באַזונדער דער דיכטערן איידאַ מאַזע, פאַרן העלפן מיר אויפ־קלויבן די רעשטלעך פון מיינע פאַרלאָרענע כתבים, און פאַרן דערמעגלעכן אַרויסגעבן דאָס בוך.

איך דאַנק אויך די פריינט בצלאל מלחי פאַרן צייכענען די הילע פון בוך און פריינט ד. קאָהען פאַר דער איבערגעגעבענער אויפמערקזאַמקייט באַם דרוקן דאָס בוך.

**פרץ מיראַנסקי.**